וועלט־ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל

ד. בן־גוריון

# יידישע אַרבעט אינ'ם אויפבוי פון ארץ־ישראל

ISBN:0-657-12767-1



1932 תל־אביב

די דאזיקע בראשור אנטהאלט דעם רעפעראט
פון ח׳ ד׳ בן־גוריון אין דער אספת־הנבחרים
(יידישע נאציאנאל־פערזאמלונג אין א״י)
כ״ד אדר א׳ תרצ״ב, און איז ערשינען אין
פערלאג פון ועד הפועל פון דער הסתדרות
מיטן נאמען „עבודה עברית״. די יידישע
אויסגאבע איז פון דאס ניי קאריגירט און
רעדאגירט געווארן פונם מחבר.

וועלט־ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל

ד. בן־גוריון

# יידישע אַרבעט אינ'ם אויפבוי פון ארץ־ישראל

1932 תל־אביב

## א.ביים אנהויב פון דער קאלאניזאציע

היי־יאר איז דער יובל פון דער אידישער קאלאניזאציע.

מיט פופציק יאר צוריק זיינען אויפגעשטיגן די ע ר ש ט ע וואס האבן צוריקגעקערט ניט נאר צום לאנד – נאר אויך צום באדען, ווען דאס לאנד ארום איז נאך געווען פארפוסטעוועט און פארלאזן און קיין ארטיקער ישוב האט ניט געקאנט צייגן מיט זיין לאנדווירטשאפטליכער ערפארונג דעם שווערן וועג פאר די מוטיקע פיאנערן.

אין 1882 האבן רוסישע און רומענישע פיאנערן געלייגט דעם גרונדשטיין פון אונזערע ערשטע קאלאניעס: ראשון לציון אין יהודה, זכרון־יעקב אין שומרון, ראש פנה אין גליל, – אויב מ׳זאל ניט אריינרעכענען אין חשבון דעם ערשטן פרווו פון א גרופע ירושלים׳ער יידן צו גרינדן פתח־תקוה נאך מיט 4 יאר צוריק (אין יאר תרל״ח – 1878) די גרינדונג פון דער לאנדווירטשאפטליכער שולע אין מקוה ישראל דורך „חברת כל ישראל חברים״ („אליאנס״) אין יאר תר״ל – 1870, און דעם גן־מאנטיפיארי ביי יפו, וואס איז ערווארבן געווארן אין יאהר תרט״ו – 1855.

פופציק יאר פון פיאנערישע איינוואנדערונג, הערואישע אנשטרענגונגען, שפעפערישע אויפבוי־טעטיקייט האבן פון דאס ניי אויפגעדריקט א אידישן שטעמפל אויף באדייטנדע שטרעקעס פון אונזער פארלאזענעם לאנד און געעפנט נייע האריזאנטן פאר דער אידישער צוקונפט. און ווען מיר וועלן היי־יאר פייערן דעם פופציק־יעריקן יובילעאום פון א גרויסן הנם באשיידענעם אנהויב וועלן מיר קאנען מיט באפרידיגונג צוריקבליקן אויף ווירטשאפטליכע, קולטורעלע און פאליטישע דערגרייכונגען, מיט וועלכע אויך א מעכטיקער און רייכער פאלק ווי מיר אידן וואלט מיט רעכט געקאנט שטאלצירן; אבער האבנדיג אין אויג דעם היסטארישען זין און ציל פון אונזערע באשטרעבונגען און באמיהונגען אין לאנד וועלן מיר מוזן פארצייכענען, אז ס׳איז אונז נאך ניט געלונגען צו לעזן די גורל־פראגע פון דער יידישער קאלאניזאציע, די פראגע וואס באשטימט דעם ווערט, כבוד, זיכערהייט און צוקונפט פון אונזער ארץ־ישראלדיקן ווערק – ד י פ ר א ג ע פ ו ן י י ד י ש ע ר א ר ב ע ט.

און די פראגע איז אונגעלעזט ניט דערפאר ווייל במשך פון די פופציק יאר האט געפעלט דער באוואוסטזיין, ווי ווייט וויכטיק און אנטשיידענד איז די אידישע ארבעט פארן אויפקום פון פאלק אין זיין לאנד.

א סך פון די ערשטע חובבי־ציון – ווי, למשל, צבי הירש קאלישער, זאב יעבץ, מרדכי עליאסבערג, י. ל. פינסקער און אנדערע האבן בפירוש געהאלטן, אז דער יסוד און דער עיקר פון אונזער נאציאנאלער אויפלעבונג איז די ערד־ארבעט, דער יגיע־כפים׳ניק, די ענדערונג פון דער ווירטשאפט־ליכער סטרוקטור פונם פאלק.

די ערשטע קאנפערענץ פון די חובבי־ציון אין קאטאוויץ (י״ח חשון תרמ״ה, 6־טן נאוועמבער 1884), איז געעפנט געווארן דורך י. ל. פינסקער מיט די פאלגנדע ווערטער:

„די סאציאלע לאגע פון די יידן, אין די אלע לענדער, וואו זיי לעבן אין גרויסע, קאמפאקטע מאסן, און די טיפע נויט וואס הערשט צווישן זיי, האבן אונז געבראכט צום אויספיר, אז פארבעסערן די לאגע קען מען נישט אנדערש, ווי נאר דורך ווייזן דעם פאלק א נייעם לעבנס־שטייגער און עפענען פאר אים א נייעם געביט פון ארבעט...

„... אלע פעלקער, וועלכע זיצן ביי זיך אויפן לאנד און באדן, קולטיווירן דאס לאנד. זיי פראדוצירן אין פשוטן אמתן זין פון ווארט, זיי פראדוצירן ממש, איז שוין ממילא בארעכטיגט, פאר־שטענדליך און ווינשנסווערט אויך דאס האנדל, די פרייע פראפעסיעס, די וויסנשאפט און קונסט, הגם זיי דאמינירן נישט און ווארפן זיך נישט אזוי אין די אויגן. דעריבער קומט ביי זיי פאר גלייכמעסיק און נארמאל די אנטוויקלונג פון די מאטעריעלע און גייסטיקע פעהיקייטן, און דאס האנדל צוזאמען מיט די פרייע פראפעסיעס זיינען בארעכטיקטע באשטאנד־טיילן אין דער טעטיקייט פון יעדער פאלק. גאנץ אנדערש איז, צום באדויערן, ביי די יידן. אפגעריסן, געצוואונגנגערהייט, פון ערד־ארבעט, האבן די יידן און משך פון דער צייט פארלארן די נטיה דערצו און דעריבער איז זייער טעטיקייט, אין א געווויסער מאס איינזייטיק און ווירקט שעדלעך אויף זייער פיזישער ענטוויקלונג... – – – מיר שטיקן זיך אין נויט און אין ענגשאפט. אונז פעלט לופט צום אטעמען, און מיר מוזן זיך מאכן א פרייערן פלאץ. מיר זיינען ביז היינט געוועזן פארמיטלער צווישן מענטש און מענטש, מוזן מיר איצטער זיך צוריק אומקערן אין שויס פון אונזער מוטער – די נאטור, וועלכע בענשט און באלוינט די הענט, וואס באארבעטן זי, און וואס מאכט נישט קיין חלוק צווישן מענטש און מענטש, אויב ער איז נאר אריינגעטאן אין דער ארבעט. פונקט ווי מיר האבן אנומלט געקאנט איבערגיין פון אקער צום וואג־שאל, מוזן מיר איצטער צוריק מאכן דעם קער מיט׳ן פנים צום אקער...

„אונזער לאזונג מוז ווערן, פון איצטער אן, – קאלאניזירן זיך. און עס גייט שוין אויף א דרך. די רוסישע יידן, א מאטעריאל, וואס איז מיט אומרעכט פארשריען געווארן – האבן אין משך פון די

צוויי יאר קאלאניזאציע ארויסגעוויזן אן ארבעטס־פייהיקייט, וואס באַרעכטיקט אונזערע בעסטע האפנונגען. ס׳איז איבעריק צוזאגן, ווייל ס׳איז א זעלבסטפארשטענדלעכקייט, אז מיר זיינען מחויב קומען צו הילף, וואו נאר ס׳איז מעגליך און שמירן די איידעלע רינגען פון דער פרייער ארבעט״ — — —

אבער לאו דוקא דענקער און ווארט־פירער פון דער באוועגונג אין גלות, — אויך אין ארץ־ישראל גופא האבן ניט ווייניקע פארשטאנען די לעבנס־באדייטונג פון ארבעט—הן אין סאציאלן זין, הן אין נאציאנאלן,—נאך לאנג לאנג, מיט יארן צוריק, איידער ס׳איז געקומען די צווייטע עליה, וואס האט הויך פאנאנדערגעוויקלט די פאן פון ארבעט.

בשעת מען האט איינגעקויפט אין חדש אדר, תרמ״ו (1886) נייעס באדן פאר ראשון־לציון — דעם באדן פון עיון — האבן די קונים גע־מוזט מחייב זיין זיך — אזוי האט געפאדערט דער באראן ראטשילד — „אז נישט אנדערש, סיידן זיי וועלן נעמען צו דער ארבעט אייגענע ברידער״.

אין דעם „טאג־בוך פון א בילו׳ער״ דערציילט ד״ר חיסין פון יענער צייט: „לכתחילה האבן א סך געצווייפלט, צי קען מען זיך איבערהויפט פארלאזן אויפן יידישן ארבעטער, צי וועט ער קענען אויסהאלטן, און מען איז גע־ווען זיכער, אז ער וועט ארויסגעבן שלעכטע ארבעט. ווייזט זיך גאר ארויס, אז די יידען ארבעטן בעסער פאר די אראבער״.

ס׳זענען דאן „צוגעקומען״ יידישע ארבעטער אין קאלאניע — די צאל זייערע האט דערגרייכט ביז 30–20 מאן — און אין יאר תרמ״ז (1887) איז געגרינדעט געווארן די „אגודת הפועלים״ („ארבעטער פאריין״), וואס האט זיך געשטעלט דעם ציל: 1) דער ועד פון אגודה זאל אויסזוכן ארבעט, מען זאל נישט באדארפן ארומדרייען זיך ליידיק, 2) העלפן צוביסלעך די, וועלכע האבן קיין ארבעט נישט, 3) לעבן צוזאמען, בשותפות, קאכן און עסן אין איין פלאץ״... אט דאס איז געוועזן די ערשטע ארבעטער־ארגאניזאציע אין דער געשיכטע פון אונזער נייער קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל.

דעם 21־טן מערץ, 1887, פארצייכנט חיסין אין זיין דערמאנטן טאג־בוך: „מיט דעם פולן באוואוסטזיין ווי גרויס עס איז די ראלע פונם יידישן ארבעטער אין דעם קאלאניזאציאנס־ווערק, דורכגעדרונגען מיט פארשטאנד פאר דער דערהויבענער מיסיע, איז דער פאריין צוגע־טראטן ענערגיש צו דער ארבעט״...

## ב. די אידעע פון ״הארץ והעבודה״ (״לאנד און ארבעט״) אין יאר תרנ״ב (1892)

די גרעסערע עליה אין די יארן תר״ן–תרנ״א (91–1890) אין די ניי־געגרינדעטע קאלאניעס רחובות און חדרה האבן פארשטארקט די צאל אר־בעטער, און זומער, אין יאר תרנ״א (1891) האבן די רחובות׳ער ארבע־טער געמאכט א פרווו צו פאראייניקן אלע ארבעטער אין לאנד אין איין

פאריין מיטן נאמען „הארץ והעבודה״ („לאנד און ארבעט״).

אין די תקנות וואס די גרינדער פונם פאריין האבן צוזאמענגעשטעלט איז נעקומען צום קלארן אויסדרוק, טיף און טרעפלעך, מען קען זאגן, כמעט קלאסיש, די אידעע פון ארבעט, אז אפילו היינט, אין יאר תרצ״ב (1932) זענען נאך נישט פארעלטערט געווארן, און נישט אנגעווירן די פרישקייט יענע ווערטער, וועלכע מען האט ארויסגעזאגט מיט פערציק יאהר צוריק, אין יאר תרנ״ב (1892). די פארפאסער פון די תקנות האבן אין זייער הקדמה צוערשט אנאליזירט די צוויי דאמאלסדיקע קאלאניזיר־פארמען — די פילאנטראפישע און סוחרישע קאלאניזאציע און אויפגעדעקט זייערע פעלערן. האבן אויך געפרוווט אנצייכענען א נייע פארם — אן ארבעטס־קאלאניזאציע.

„א) די ערשטע קאלאניסטן זיינען געקומען אהער אדער מיט געלט אדער מיט ליידיקע הענט, אבער אלע מיטן דראנג צו ארבעטן פיזיש, און מען דארף זיי זאגן דעם שבח אין פנים, זיי האבן אויסגעפירט די שליחות געטריי. אבער די ערשטע פרווון, ווי עס איז גאנץ נאטירלעך, האבן זיך נישט איינגעגעבן און דאס געלט איז אוועק מיטן רויך און די ארבעט איז געווען אומזיסט — האבן זיי געמוזט אנקומען צו שטיצע, און די חובבי ציון פון חוץ לארץ, באפליגלט מיט דערהויבענעם גייסט, פלעגן געבן און ווידער אמאל געבן — אבי שטעלן די פיאנערן אויף די פיס, זיי זאלן קענען קומען צום ציל. וויפיל געלט מען האט עס דאן אריינגעשטופט אין שטיצע. און מיר האבן פון זיי קיין סימן ברכה נישט געזען. אדרבא, אין א געוויסער מאס האבן זיי גאר געבראכט א קללה. ווייל א דאנק זיי איז אויסגעבראכן א דעמאראליזאציע, וואס האט פארדארבן געשטיצטע און האט איינגעפלאנצט בא זיי א נטיה צו שנארעריי.

ב) היינטיקס יאר האט פאסירט א נייס אין ישוב. מענטשן, פארמעגלעכע, וואס זיצן אין חו״ל, האבן גענומען איינקויפן, באווירטשאפטן און פארפלאנצן באדן אין ארץ־ישראל, אבער נישט מיט זייער אייגענער פראצע, נאר מיטן כוח פון געלט. זיי האבן זיך פארייניקט אין א געזעלשאפט, וואס האט אוועקגעשטעלט משגיחים, כדי אכטונג געבן אויף דער ארבעט, וואס אנדערע ארבעטן און פירן אויס. אט די נייע שיטה האט געבראכט מיט זיך נייע פעלערן. דער ישוב איז א דאנק דער נייע שיטה אוועק אויפן וועג פון מסחר. ארבעט און שווייס בינדן צונויף דעם שעפער און דאס גע־שאפענע מיט בלוט פון די אדערן, מיט נערוון פון מארך, און אן סכנת נפשות וועט איר נישט איבערייסן אט דעם בונד; געלט און סחורה אבער איז פונקט אזוי לייכט פאנאנדערבינדן איינס פון דאס אנדערע, ווי מען לאזט פאנאנדער א קניפל. געלט האט שוין אזא טבע, אז אן קיין שום שוועריקייטן גיסט מען עס איבער פון איין פארעם אין א צווייטן. היינט איז עס א רענדל, מארגן באדן און

איבערמארגן ווידער א רענדל. מיר קענען, דעריבער, נישט רעכענען אט די פארמעגלעכע לייט פאר איינגעפונדעוועטע קאלאניסטן, פאר אמתע קאלאניסטן. דאס זיינען מענטשן פון חשבון, וואס מאכן א מסחר פון ישוב, כל זמן עס לוינט זיי און די צייט שפילט זיי צו ריוח. ס׳איז נאך אבער דא אן ערגערע צרה: אט די פארמעגלעכע וועלן ברייגנען דערצו, אז מיר וועלן גאר קיינמאל נישט קענען דערגרייכן אונזער אמתן ציל: וואס־מער פארגרעסערן די צאל יידן, ערד־ארבע־טער אין דעם הייליקן לאנד.

ג) די ארבעטער־פראגע – פון אלע דריי פראגן איז זי די וויכ־טיקסטע. ס׳איז נישט בלויז א געזעלשאפטלעכע, סאציאלע פראגע נאר אויך, און טאקע בעיקר, א נאציאנאלע פראגע, די גורל־פראגע פונם גאנצן ישוב. מיר ווייסן שוין פון דערפארונג, אז אן יידישע ארבעטער וועלן די קאלאניעס קיין תקומה נישט האבן. די אראבישע ארבעטער זיינען נישט מער, ווי אשטייגער, מען זאל נעמען און אנשפארן זיך אויף א צעבראכענעם שטעקן, הן פון זייער צאל־וועגן אין די קאלאניעס, הן פון שטאנדפונקט פון ארבעט. נאך מער; ס׳איז דא א חשש, אז מיר וועלן דערביי זיין אין דער לאגע פון יענעם שוטה, וועלכער האט מחיה מתים געווען דעם געשטארבענעם לייב... דער יידישער ארבעטער איז פארן ישוב דאס זעלבע, וואס בלוט פארן קערפער פון א געזונטן מענטשן; ער וועט אים צוגעבן געזונט און לעבן, ער וועט אים פארהיטן פון אונטערגאנג און פון צופוילונג״...

רעדאגירט אט די זעלטענע שורות, וואס אויך איצטער, נאך 40 יאר, זיינען זיי באהויכט מיט פרישקייט – האט דער פארשטארבענער יחיאל מיכל פינעס, דער פריינט און לערער פון די בילו׳ער פיאנערן, איינער פון די בעסטע עסקנים אין דער חיבת־ציון באוועגונג, פין אירע בעסטע שרייבער.

געחתמעט זיינען אונטער די תקנות פון פאריין, וואס האט זיך גע־נומען דעם מאטא „בעד ארצנו ועמל כפינו״ („פאר אונזער לאנד און איי־גענער פראצע״) אלס „חברים פון פראוויזארישן ועד״ – אריה ליב גארדאן, מאיר דיזנהאף, משה ראטנער און אהרן אייזנבערג.

די גרינדער פון פאריין זיינען ארויס מיט א שארפער קריטיק אויף איבער דער ארבעטער־עליה, וואס איז געקומען פאר זיי.

„דער שטורם פון צפון האט די לעצטע יארן אראפגעבראכט צו אונז א שפאר ביסל קרעמער און מעקלער, שענקערס און הענדלערס, מלמדים און שמשים, סופרים און שוחטים. איבער נאכט זיינען זיי גאר פלוצים געווארן ארבעטער. יעדער איינער האט גענומען דעם מכוש (די קירקע) אין האנט און איז אוועק אין קאלאניע. די פריינט פון ישוב האבן זיך דערפרייט מיט זיי, אבער נישט לאנג האט אנגעהאלטן די שמחה. ס׳זיינען דורך א פאר טעג און אט די מחנה איז פונקט

אזוי נעלם נעווארן, ווי זי איז אנגעקומען, און נאר א קליין רעשטל איז פארבליבן פון איר. א סך פון אט די צוריקפארער האבן זיך לכתחילה ניט געפאסט אהער, זיי זיינען לכתחילה געווען פראדוקטן פון בהלה־קינדער, נישט מער ווי בהלה־געסט. אמת ס׳זיינען געווען אויך א סך אזעלכע, וואס האבן זיך גראדע געפאסט צו דער ארבעט און זיי האבן דוקא שטארק געוואלט פארבלייבן ביי איר און בכלל אין לאנד — און פונדעסטוועגן זיינען זיי אוועק צוריק, אדער אפגעטראגן זיך אין אן אנדער לאנד, ווייל די לעבנסבאדינגונגען וואס הערשן דא כלפי די ארבעטער, האבן זיי געצוואונגען דערצו...
אויב מיר ווילן אראפברענגען אהער יידישע ארבעטער, מוזן מיר פולשטענדיק ענדערן די לעבנסבאדינגונגען וואס האבן א שייכות צו די ארבעטער, מיר מוזן די ארבעט גופא מאכן פאר זיי אנגענעמער, עפענען פאר זיי פערספעקטיוון און צילן, וואס זאלן צובינדן צו דער ארבעט נישט בלויז אויס ליבע, נאר אויך דורך ווייזן א תכלית״.

עס איז נויטיק

„אויפשטעלן א שבט קאלאניסטן, געטרייע, פארקניפט צום באדן, ווי פונדאמענטן צום פעלד, קאלאניסטן, וואס זאלן זיך מערן און פרוכפערן און פארפולן דאס לאנד, קאלאניסטן וואס וועלן קומען צום תכלית נישט דורך שיטן מיט געלט, נאר מיט זייער פראצע און שווייס״.

צוליב דעם —

„גרינדן די יידישע ארבעטער וואס הארעווען ווי לוין־ארבעטער, ביי יעדער ארבעט אין פעלד און אין ווייגארטן, אין די קאלאניעס פון ארץ־ישראל און צוזאמען מיט זיי אלע פריינט פונם ישוב, א געזעלשאפט, וואס אויף איר פאן איז אויסגעקריצט: „פאר אונזער לאנד און פראצע״ און בהסכם מיט דעם איז אויך איר נאמען: „לאנד און ארבעט״, כדי דערלאנגען א האנט און שאפן א מעגלעכקייט פאר די פילע יידן וואס האבן נישט קיין אנדער עשירות אויסער די קראפט פון די הענט און די פרייהייט צו טאן און ארבעטן, זיי זאלן אויך קענען דערשלאגן זיך צו א נחלה און לאנד און האבן א קיום דא א) א דאנק דער געזעלשאפט, וואס וועט זיי שיצן אין אלץ, וואס איז נוגע זייער קערפער און גייסט, ב) און וואס וועט זעען עס זאל מקויים ווערן זייער האפנונג און וואונש צו באקומען אן אייגענע ווירטשאפט אין לאנד אויף אייביק״.

די פלענער פון „לאנד און ארבעט״ זיינען געבליבן נישט מער ווי פלענער. דער קריזיס אין לאנד און די אינערליכע סכסוכים האבן אויפ־געלייזט די גרופע, און אין זומער יאר תרנ״ב איז דער פאריין בטל געווארן.

## ג. די ארבעטס לאגע אין די קאלאניעס פונם באראן

די יידישע ארבעטער האבן זיך צעזייט און צעשפרייט, ווער וואוהין. פון די 200 ארבעטער, וועלכע האבן געארבעט ביז זומער יאר תרנ"ב אין ראשון־לציון, זיינען פארבליבן געציילטע.

„הגם די ארבעט איז נישט געווען קיין שווערע, האבן זי אבער דאס רוב ארבעטער פארלאזט, ווייל זיי האבן נישט געקענט פארטראגן די נייע, יעדעס מאל פריש־געבאקענע גזירות און שיקאנעס זיי האבן געהאט אויך גענוג אויסצושטיין פון די קרענק, זיינען זיי זיך פאנאנדערגעלאפן" (י. גאלדמאן אין „פרי הארץ" פון ז. יעבץ, יפו, תרנ"ב).

אין יאר תרנ"ח (1998) זיינען אין ראשון־לציון געווען 97 ארבעטער, פון זיי בלויז 3 ביי לאנדווירטשאפט און די איבעריקע האבן געארבעט אין יקב (ווין־קעלער) און אין פארשידענע ווארשטאטן.

„דער גרעסטער טייל זיינען בעלי־משפחות מיט קינדער, און זייער גאנצער פארדינסט איז 1,5—1,7 פראנק א טאג. לעבן זיי, פארשטייט זיך, אין גרויס דחקות און ארימקייט. און וואס איז שייך יענע ארבעטער, וועלכע הייבן ערשט אן צו ארבעטן פארדינען דאס אויך נישט. העלפט זיי ארויס מיט אנדערטהאלבן גרוש א טאג די „געזעלשאפט פאר שטיצע אין יפו". (לוח א"י של לונץ, 4־טער יאר־גאנג, תרנ"ח 1898).

די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעט ווערט אויסגעפירט כמעט אויסשליסליך דורך אראבישע ארבעטער. אזוי איז געווען די לאגע אויך אין זכרון־יעקב.

„די גרויסע קאלאניע זכרון־יעקב — ארבעטן דארט שוין באלד 10 יאר ביי צוויי טויזנט אראבישע ארבעטער און אט די אראבער זיינען שוין ביסלאכווייז געווארן קולטור־מענשן א דאנק דער שטענדיקער בארירונג מיט די יידן.... פרעגן א סך מיט רעכט: הלמאי איז דא אין זכרון ארבעט פאר קרוב צוויי טויזנט אראבישע ארבעטער און פארוואס זאל מען נישט געבן קיין ארבעט פאר אונזערע ברידער, וואס פלאגן זיך אין דלות, אין הייליקן לאנד, און וועלכע וואלטן זיכער אויך זיך מסתפק געווען במועט?" (חיים דב פון שפיה, לוח א"י, ד').

בשעת באראן ראטשילד האט ווינטער צייט, אין יאר תרנ"ט (1899) באזוכט דאס לאנד, האט ער פארלאנגט די קאלאניסטן זאלן באשעפטיקן אין זייערע ווייגערטנער יידישע ארבעטער. „העלפט איינער דעם צווייטן און געדענקט, אז אויך איר זייט אמאל געווען ארים, פארלאזט נישט אייערע ברודער, נישט נאר א נ ד ע ר ע דארפט איר געבן". ס'האט, אבער, גארנישט געהאלפן. נישטיק ביז גאר איז געווען דער פראצענט פון יידישע ארבעטער אין די קאלאניעס און אויך דאס ביסל האט נישט געהאט מיט וואס אויסצוקומען. ווען דער באראן האט אין יאר תר"ס (1900) אריבערגעפירט זיינע

געשטיצטע קאלאניעס אין רשות פון יק״א, האבן זיך אין די קאלאניעס געפונען בס״ה 532 ארבעטער משפחות.

„די מערסטע ארבעטן שוין אין לאנד א יאר 12, ביי פופציק ארבעטן נאך פון די ערשטע טעג, ווען מען האט געגרינדעט דעם ישוב, מיט 18 יאר צוריק. צווישן די אלע איז דא 360 בעלי משפחות מיט קינדער, און דאס רעשט בחורים, אלע צוזאמען מאכן אויס 1600 נפשות. 170 ארבעטן אין וויין־קעלערס און דאס איבעריקע ביי ערד־ארבעט. די ערשטע באקומען 24—8 גרוש א טאג *). די צווייטע— ווי נאכן פלאץ. אין גליל — 4—6 גרוש א טאג, אין יהודה — 9—6,2 גרוש א טאג, אלץ לויט דער לאגע פון דעם ארבעטער און זיין ארבעטס־סטאזש. לויט דער נייער שיטה (נאכן אפשטעלן די שטיצע) וועט כמעט ניט זיין קיין ארבעט פאר די יידישע ארבעטער אין די קאלאניעס. וואוהין זשע וועלן זיי זיך אהינטון? זאלן זיי, הייסט עס מוזן נעמען דעם וואנדער־שטאק אין האנט און פארלאזן דאס לאנד. וואס איז זיי טייער און וואס צוליב איר זיינען זיי אויסגעשטאנען כל המינים פלאגן און ליידן?" (לוח א״י ו׳ תר״ס).

און באמת, א גרויסער טייל פון די ארבעטער האבן געמוזט פארלאזן דאס לאנד, מיט דער פינאנסיעלער הילף וואס די אדמיניסטראטציע — די יק״א־אדמיניסטראציע, האט געגעבן, בתנאי זיי זאלן נישט בלייבן אין לאנד. דער שרייבער א. ש. הערשבערג, וואס האט דאן באזוכט דאס לאנד דערציילט:

„די באציאונג פון די קאלאניסטן צו די יידישע ארבעטער פארשאפט נישט קיין כבוד די ערשטע. אלע קאלאניסטן, כמעט אן אויסנאם, נעמען בעסער דעם אראבישן ארבעטער, איידער דעם יידישן, ביי אלע ארבעטן, וואס דער ערשטער קען נאר אויספירן. ווייל דער יידישער ארבעטער באציט זיך צו זיין בעל־הבית אן הכנעה, און דער יידישער קאלאניסט קען זיך ניט באנוצן מיט זיין פאלקס־ברודער, דעם ארבעטער, ביי די אלע גראבע שליחות׳ן („תשמישים גסים״), וואס האבן נישט צו טאן מיט דער לאנד־ווירטשאפטלעכער ארבעט. צוערשט פלעגט מען נאך זיין געצוואונגען באנוצן דעם יידישן ארבעטער ביי די אלע ארבעטן, וואס פאדערן א וועלכע נישט איז פעאיקייט אדער א צוגרייטונג, ווי, למשל, שניידן די צווייגן, גרעפן די בוימער. ביסלאכווייז האבן אבער די אראבער איבערגענומען די תורה און דער יידישער ארבעטער איז שוין בכן ווידער נישט נויטיק; דער אראבישער ארבעטער, מיט זיינע קליינע הצטרכותן, באגנוגנט זיך אויך מיט א קלענערן לוין און ער ווארט מיטן אויסצאלן ביזן אראפנעמען די וויינטרויבן, א זאך וואס דער יידישער ארבעטער קען זיך נישט

*) אמאליקער טערקישער גרוש האט געהאט דעם ווערט פון 6 היינטיקע מיל (דריי אמעריקאנער סענט).

דערלויבן. די ארבעטער זיינען אויך אויפגעבראכט. הלמאי די קאלאניסטן טרעטן זיי אויפן קאפ, לאזן נישט צו די ארבעטער זאלן האבן א דעה אין קהל'שע ענינים, הגם זיי באטייליקן זיך אין די הוצאות. ווי א שטייגער אין רחובות א. א. וו. זיי באקלאגן זיך שטארק אויף די אדמיניסטראטארן, בתוכם די אדמיניסטראציע פון די חובבי־ציון, וועלכע ווילן דערגיין זיי די יארן. אט, למשל, איז דא א ברונעם פון חובבי־ציון אין נס־ציונה. די ארבעטער נעמען דארט וואסער און מוזן אדורכגיין דערביי דעם קאלאניסטישן קווארטאל. האט מען פאר־צוימט דעם וועג מיט א הויכן שטיינערנעם פלויט, און ארבעטער האבן געמוזט מאכן א לאנגען אומוועג צו דערגרייכן דעם ברונעם"...

פון יענעם יאר (1900) איז אונז געבליבן די ערשטע ציילונג פון די קאלאניע־ארבעטער, וואס איז דורכגעפירט געווארן דורך דעם טוער פון דער אלטער ארבעטער־ארגאניזאציע (וואס האט עקזיסטירט פאר דער צווייטער עליה) א. קאמאראוו פון נס־ציונה: אין די 12 קאלאניעס האבן זיך געפינען 473 ארבעטער: אין זכרון־יעקב 161 (דערפון 81 קעלער־ארבעטער), אין ראשון־לציון 103 (דערפון 80 קעלער־ארבעטער), אין פתח־תקוה 52, אין ראש־פנה 40 אין עקרון 25, אין רחובות 22, אין חדרה 20, אין נס־ציונה 16, אין יסוד־המעלה 14, אין מהולה 12, אין מחנים 4, אין משמר־הירדן 4.

---

זיבן פון די דאזיקע קאלאניעס — זכרון, יסוד־המעלה מתולה, פתח־תקוה, עקרון, ראשון־לציון, ראש־פנה — זיינען ביז דאמאלסט אונטערשטיצט געווארן דורכן באראן ראטשילד מיט א ברייטער האנט. אין באקאנטן ארטיקל „הישוב ואפוטרופסיו" האט אחד־העם געמאכט א חשבון, וויפל האבן די זיבן קאלאניעס אפגעקאסט דעם באראן ביז 1900, ווען זיי זיינען אריבער אין רשות פון יק"א:

„360 קאלאניסטן פארמאגט לערך דער באראן אין זיינע קאלאניעס: קאסטן זיי אים אפ יערליך 1.500.000 פראנק*) (אזוי ווייזט דער לעצטער בודזשעט פון י' 1899), וואס מאכט אויס יערליך 4000 פראנק אויף א משפחה. קומען נאך צו די אויסגאבן פאר די צוויי ווײן־קעלערס אין ראשון און אין זכרון, א סומע פון 1.200.000 פראנק יערליך, וואס ווערט בלויז אין א קליינער מאס געדעקט דורכן ווײן־פארקויף. מען דארף אבער געדענקען, אז די לעצטע יארן זיינען די אויסגאבן קלענער געווארן, ד. ה., אז פריערדיקע יארן איז דער יערלעכער בודזשעט געוועזן נאך „רייכער". סאיז דעריבער ניט קיין איבערטרייבונג, די אפשאצונג פון געניטע מענטשן אין א"י, אז דער ישוב האט אפגעקאסט דעם באראן ביז י' 1900 נישט וויניקער ווי 40 מיליאן פראנק.

*) דא גייען ניט אריין אין חשבון די "פרייע" קאלאניסטן פון ראשון און פ"ת, פאר וועמענס אויסשטאטונג דער באראן טראגט נישט קיין אחריות און זיי זיינען נישט איבערגעגעבן דער יק"א — (באמערקונג פון אחד־העם).

נעמט איצטער אין אכט א חשבון פון דעם גאנצן פראדוקטיון פארמעגן, וואס די קאלאניעס האבן (תבואה, באדן, וויינגערטנער, פרוכט־בוימער), וועט איר זעען אז די קאלאניעס קאנען ערנערן אויף א נאטירלעכן וועג, אן אונטערשטיצונג און אן פיקטיווע „הכנסות", ניט מער ווי 100 משפחות.

הייסט עס. ווען דער באראן זאל וועלן און קענען דאן אין יענעם יאר, אוועקשטעלן די קאלאניעס אויף אייגענע פיס דורך באזייטיקן די איבערפליס׳קע משפחות — וואלט אים אויסגעקומען צו פארצייכענען אין זיין נאטיץ־בוך א וואונדערבארן חשבון: אז פאר 40.000.000 פראנק און נאך 18 יאר מי און טירחה האט ער זוכה געווען אנקוקן 100 משפחות, וואס פארדינען אליין אויף חיונה. יעדע משפחה באטרעפט. בכן, פיר הונדערט טויזנט פראנק" („על פרשת דרכים", כרך ב׳ „הישוב ואפוטרופסיו").

איין זכרון־יעקב מיט אירע 100 קאלאניסטן (אריינגערעכנט שפיה און בת־שלמה — די טעכטער־קאלאניעס) האט אפגעקאסט דעם באראן מער, ווי 10 מיליאן פראנק. אין דעם זעלבן ארטיקל שרייבט אחד־העם:

„נאך אין י׳ 1899 האט אויסגעמאכט דער יערליכער בודזשעט פון זכרון־יעקב (אויסערן וויין־קעלער), זיבן הונדערט און פופציק טויזנט פראנק. פון דעם איז צו לערנען, אז במשך דער גאנצער צייט (18 יאר!) האט מען אויסגעגעבן אומזיסט און אומנישט אט אויף דער קאלאניע על כל פנים מער, ווי צען מיליאן".

היינט וואס האט אפגעקאסט אט די קאלאניע פון דאן אן ביז היינטיקן טאג, אין פארלויף פון 32 יאר?

און אט די קאלאניע וואס האט פארתכל׳ועט יידישע פאלקס־געלטער אפשר מער ווי די גאנצע ארבעטער־קאלאניזאציע — וועט עס היי־יאר פייערן איר 50־יעריקן יובילייאום און דער יידישער ארבעטער האט נאך דארט כמעט אלץ ניט קיין דריסת־רגל...

די ווערטער וואס אחד־העם האט דאמאלסט געשריבן אויף זכרון־יעקב פאסן נאך היינט:

„ניט קיין קאלאניע איז זכרון־יעקב. נאר א שאנדע: א שאנדע פארן באראן און זיינע פקידים וואס האבן זי געשאפן, א שאנדע פאר אירע איינוואינער וואס האבן מסכים געווען צו זיין מאטעריאל פאר אזא שאפונג, און א שאנדע פאר חובבי־ציון וואס האבן געזען יארן־לאנג וואס דארט טוט זיך — און געמאכט א שווייג"...

## ד. די צווייטע עליה.

אין די יארן 1904 — 1906 עפנט זיך א נייע עפאכע אין דער געשיכטע פון ישוב. א נייער כוח, א נייער קלאס מיט א נייע אויפפאסונג האט זיך באוויזן אין לאנד: די חלוצים פון דער צווייטער עליה זיינען געקומען — מיט

דער פאן פון ארבעט אין דער האנט. מיט א דרייפאכן רעוואלט זיינען די נייע חלוצים געקומען קיין ארץ־ישראל, א רעוואלט קעגן ציוניזם, קעגן דער ארבעטער באוועגונג און געגן ישוב — ווי זיי האבן אלע דריי דאמאלסט אויסגעזעען: א ציוניזם וואס איז געווען אָן אַן אינהאלט און פרוכטלאז, וואס האט זיך באגנוגנט מיט ווערטער, גארניט געפאדערט פון אירע טרעגער, צו גארניט פארפליכטעט און גארניט געשאפן. אנ׳ארבעטער־באוועגונג, איינגעשפאנט אין א פרעמדן וואגן. אן פארשטאנד פארן ליידן פון אייגענעם פאלק, אן שורש אין דער יידישער געשיכטע און אן גלויבן און ליבע פאר דער נאציאנאלער צוקונפט. א ישוב — צופוילט און דעמאראליזירט דורך שטיצע, פאראזיטיזם און עקספלואטאציע פון פרעמדער, ביליקער און פארשקלאפטער ארבעט. דער דרייפאכער רעוואלט און יאוש האט די נייע עליה ניט פאר־צווייפלט. נאר פארקערט — באפרוכטעט און באזעלט מיט א נייעם גלויבן און א נייעם אידעאל: אן אידעאל פון ארבעט, קאמף און זעלבסטפאר־ווירקליכונג.

ס׳איז ניט דא מיין אויפגאבע צו דערציילן די געשיכטע פון דער צווייטער עליה פון דאמאלסט ביז היינט — איבער 25 יאר, איר געראנגל און אויפטוי, איר פארצווייפלטן און הערואישן קאמפף, פול מיט ליידן און קרבנות, אנטוישונגען און עראבערונגען. פאר די רעכט אויף ארבעט און שעפערישן טאט פון יידישן ארבעטער אין לאנד.

אבער צו באנעמען און פארשטיין די ענדערונגען פון יענער צייט ביז היינט צו טאג און צו אריענטירן זיך אין די אויפגאבן פון אונזער ווייטערדיקן קאמפף איז נוטיק צו פארצייכענען געציילטע, קורצע אבער זייער באלערנדע פאקטן, וואס וועלן דינען אלס א בולטע אילוסטראציע ווי די לאגע האט אויסגעזען ביים אנהויב פון אונזער קאמף און וואס דער קאמף האט אונז געגעבן.

וואס האט די צווייטע עליה געטראפן אין לאנד?

צו יענער צייט זיינען נאך קיין ציוניסטישע פאנדן ניט געווען — אפילו קרן־קיימת האט נאך נישט אנגעהויבן איר ארבעט אין לאנד — און קיינער האט נאך נישט געחלומט מכוח אן ארבעטס־קאלאניזאציע; „זעלבסט־ארבעט", „באדן־נאציאנאליזאציע" זיינען נאך ניט געווען קיין גאנגבארע אידעען אפילו ביי די ארבעטער. און אלע עקזיסטירנדע קאלאניעס — פינף און צוואנציק אין צאל—האבן זיך געפירט על טהרת הקודש פון „פריוואטער איניציאטיוו", ד. ה. אויף פריוואט אייגענטום און געדונגענע ארבעט. הגם דער קאפיטאל איז געווען מער א געזעלשאפטלעכער איידער א פריוואטער, (אדער פון יחידים פילאנטראפן, געשפענדעט פארן כלל. א שטייגער, באראן ראטשילד), און די לוין־ארבעט איז געווארן ארום און ארום אן אראבישע.

אט זיינען עטלעכע שורות, געשריבן נאך אין סיון תרס״ז, (1907) וואס גיבן אקורצן און טרעפלעכן איבערבליק מכוח דער לאגע אין די קאלאניעס ביים אנהויב פון דער צווייטער עליה.

„די יידישע קאלאניזאציע האט אפגעקאסט 90.000.000 פראנק (לען: ניינציק מיליאן) און כמעט דער גאנצער סכום (אויסער מזומן געלט וואס איז פארבליבן ביי די באאמטע...) איז אריין אין פרעמדע, נישט יידישע הענט! א טייל פון די מיטלען – דער ווערט פון באדן און בוי־מאטעריאלן האבן, אמת, נאטירליכערווייס געמוזט אריינפאלן אין פרעמדע הענט, ווייל מיר זיינען דאך נישט אראפגעקומען באַגזל׳ענען וועמען ניט איז. אבער א גרויסער טייל איז אוועק אהין ניט על פי נויט, נאר מיטן גוטן ווילן. און ס׳וועט לחלוטין ניט זיין קיין גוזמא, אויב מיר וועלן זאגן, אז א העלפט פון אט דעם קאפיטאל איז אריבער צו די אראבער, אלס לוין פאר זייער ארבעט. און אויב מיר האבן היינט אין א״י קרוב צו טויזנט קאלאניסטן, וואס האלטן אויס, יעדער איינער, דורכשניטלעך דריי אראבישע משפחות, קומט אויס, אז די אראבישע ארבעטסקראפט קאסט אונז אפ א יאָר בא א מיליאן פראנק. פון אט דער גרויסער סומע פאלט גארנישט אריין צוריק אין יידישע הענט, ווייל דער אראבישער ארבעטער קומט נישט קויפן צום שטאטישן יידן, אלץ בלייבט שטעקן אין דעם אראבישן דארף. פון דעם איז געדרונגען, אז צוזאמען מיט יעדן יידישן קאלאניסט וואס מיר באזעצן אין ארץ־ישראל, שאפן מיר פרנסה און לעבן פאר דריי אראבישע משפחות...

...„און זאל דאס פאלק ישראל הערן און וויסן, אז די יידישע בעלי־בתים וועלן נישט אומקערן דאס לאנד צום פאלק אן יידישע ארבעטער״ (אונטערגעשטראכן אין אריגינאל).

געשריבן האט אט די ווערטער נישט קיין ארבעטער, נישט קיין סאציאליסט, נישט קיין געשווארענער קעגנער פון די קאלאניסטן, נאר א אלטער עסקן פון ישוב, אליין א קאלאניסט, פון די ערשטע, וועלכע זענען אוועק אויפ׳ן לאנד, נאך איידער זיין ציוניסטישער באוואוסטזיין איז פארקריפלט געוואָרן פון קלאסן־חשבונות – נישט קיין אנדערער, ווי משה סמילאנסקי אליין.

ניינציק מיליאן – טויזנט קאלאניסטן – דריי טויזנט אראבישע ארבעטער־אט האט איר פאר זיך די רעזולטאטן פון די ערשטע פינף און צוואנציק יאר קאלאניזאציע אויפן יסוד פון דער „פריוואטער איניציאטיוו״... הייסט עס, יעדער קאלאניסט, וועלכער האט באשעפטיקט דריי ניט־אידישע ארבעטער, האט אפגעקאסט דורכשניטלעך, 90.000 גאלד פראנק, אדער אין היינטיקער וואלוטע, 5600 פונט (מיר לאזן שוין אפ אן א זייט די דיפערענץ אין די פרייזן פון פאר 50־25 יאר צוריק).

די יידישע ארבעטער וואס זענען דאן געקומען אין לאנד האבן נאך ניט געחלומט וועגן אייגענער קאלאניזאציע, ויעגן ארבעטער־זידלונג: וועגן קבוצות און מושבי־עובדים. זייער וואונש איז געווען זייער א באשיידענער: ארבעט, לוין־ארבעט ביי דעם קאלאניסט, יידישע ארבעט אין דער יידישער

קאלאניע. אבער ניט דער ישוב און ניט די ציוניסטישע באוועגונג האט דאמאלסט געהאט א פערשטענדעניש פאר דעם דאזיגען עלעמענטארער פאדע־רונג. מיט ווייניקע אויסנאמען, אמת, וויכטיקע און געטרייע אויסנאמען, האבן זיך די מערסטע קאלאניסטן און אויך עסקנים פון ישוב באצויגן צו די ארבעטער קאלט, אינדיפערענט און אויך זייער אפט — פיינדלעך.

די פרעסע פון יענער צייט דערציילט אונז:

סוף זומער תרס"ז (1907) שרייבט מען פון פתח־תקוה: „ס'איז איצטער דער ברען־סעזאן פון אראפנעמען די ווייטרויבן און די מהומה איז גרויס: נישטא קיין ארבעטער... מען מייִט נישט, נאטירלעך, יידישע — ניין, ס'פעלט פשוט אויס אראבישע ארבעטער, לויפט מען הענדום־פענדום אין די ווייטע אראבישע דערפער און מען בעט זיך רחמים ביי די אראבער: ראטעוועט דעם ישוב און גיט אונז אויף א פאר טעג די קינדער אייערע... וואס פאר א פרעכטיק בילד איז עס געוועזן אנצוקוקן, ווי עס מארשירן ארויס פון דער אראבישער כפר־סבא 30 קינדער, ייִנגלעך און מיידעלעך אין עלטער פון 4 יאר און העכער מיטן קאמאנדיר, דעם אפנעמער בראש..."

נס־ציונה, שבט תרס"ח.

„דער באדן אין וואדי־חאנין איז זייער צוגעפאסט פאר פרדסים. אונזערע בעלי־פרדסים באשעפטיקן א סך ארבעטער: די צאל אראבישע ארבעטער דערגרייכט ביז צוויי הונדערט, יידישע זענען דא — ניין ארבעטער. פון זיי פינף קאלאניסטן און קאלאניסטישע קינדער און 4 נייע ארבעטער. איינער פון די פיר איז, אייגענטליך, נאר א משגיח איבער דער ארבעט".

ירושלים, אדר תרס"ח.

„בשעת הערצל איז געוועזן פאר אכט יארן אין ירושלים האט ער געפלאנצט אין מוצא א צעדער בוים און ס'איז געוועזן גאנץ נאטירלעך, ווען אייניקע פארערער פון אונזער פירער האבן באשלאסן אויפשטעלן אים דארט א דענקמאל: א היים פאר אלט געווארענע שרייבער, א סאנאטאריום א. א. וו.. די אנגלא־פאלאסטינא־באנק האט אויסגעבארגט א סומע געלט און מען האט דעם פלאץ שוין באוויזן איבערצוימען און אויפגראבן — אבער איז עס דען ניט קיין טיפע באליי־דיקונג, ווען אפילו א דענקמאל דעם פירער ווערט געבויט נישט מיט יידישע הענט? און אין שפיץ שטייט דוקא דער נאציאנאלער באנק. אמת, דער באנק האט אפילו אויסגערעדט א תנאי אז מען מוז זיך באנוצן מיט יידישע ארבעט, אבער דער אונטערנעמער ש. ב. האט געטענהנט. „אז ער האט גראדע געזוכט יידישע ארבעטער און מויער־מייסטער, אבער מער ווי איינעם האט ער, ליידער, נישט אויסגעפונען".

דער הערצל־וואלד אין לוד (בן־שמן.) אדר ראשון, תרס"ח.

„מיט צוויי יאר צוריק האבן די אראבער געמאכט די גריבער און אריינגעהאקט די גרעניץ־סלופן אויפן באדן (באדן פון קרן־קיימת)

און איצטער נעמען זיך די אראבער פלאנצען די משתלה פארן הערצל־וואלד. ווי וואויל איז דער אומה וואס איר ארבעט, — און וואסערע ארבעט! — ווערט פאר איר געמאכט דורך אנדערע".

אונטערשטן גליל, אדר ב, תרס"ח.

"היי־יאר איז די צאל יידישע ארבעטער אין די קאלאניעס פון גליל געשטיגן אין פארגלייך מיט פאראיארן; אמת דאס רוב ארבעטן ביי דער אדמיניסטראציע פון יק"א. אויף יעדן קאלאניסט אין גליל פאלט אויס איין אראבישער ארבעטער, וואס לעבט מיט דער משפחה אין קאלאניע גופא; און אין די קאלאניעס ימה, סג'רה זענען דא נישט ווייניק קאלאניסטן, וואס פארמאגן צו 3־2 אראבישע ארבעטער־פאמיליעס; באקומט זיך, אז די צאל אראבישע פאמיליעס אין די קאלאניעס שטייגט ווייט אריבער די צאל יידישע משפחות"...

פתח־תקוה, תרס"ח.

"אין פארגלייך מיט אנדערע קאלאניעס ווייזט פתח־תקוה א פיל גרעסערע צאל יידישע ארבעטער. אבער ווען מיר נעמען אין אכט, אז אין פתח־תקוה ארבעטן 1500—1000 אראבישע ארבעטער, האט זיך פתח־תקוה ניט וואס איבערצונעמען מיט אירע 13־12 מנינים יידישע ארבעטער"...

עין־גנים, אדר ב' תרס"ח.

"די ארבעטער־קאלאניסטן אין פעדזשא (עין־גנים) האבן זיך געווענדעט צו א יידישן אונטערנעמער אין פתח־תקוה, ער זאל זיי אויסמויערן א ברונעם דורך יידישע פאך־לייט. באקומען זיי א תשובה: קיין יידישע פאך־לייט זענען ניטא בנמצא, קען ער, דעריבער, די ארבעט ניט אננעמען. שיקן די קאלאניסטן אראפ א ספעציעלן שליח אין וואדי־חאנין און ראשון, וואו עס האבן זיך אויך געפונען יידישע בוי־אונטערנעמער אויף גראבן ברונימס. און ווידער באקומען זיי דעם זעלבן ענטפער: "אן אראבער וועלן זיי ברונימס ניט מויערן".

אין שומרון און גליל, ניסן תרס"ח.

"ארום און ארום געפינען זיך אין גאנצן גליל, אריינגערעכנט חדרה און זכרון, בסך־הכל 82 יידישע ארבעטער, אויסער די וואס ארבעטן אין די וויין־קעלערס: חדרה פארמאגט — 7, זכרון־יעקב — 8, שפיה — 1, אום על־דזשעמאל (בת־שלמה) — 1, סג'רה — 45, מסחה — 9, ימה — 4, מלחמיה — 7, מתולה — 8"

די מיידל־שול אין יפו, תרס"ח.

"אין תמוז תרס"ח האט דער אדעסער קאמיטעט פון חובבי־ציון גענומען בויען די מיידל־שול אין יפו. די פאדערונג, אז דער בוי קאמיטעט זאל בויען מיט יידישע ארבעטער, האט נישט געהאלפן. מ'האט דעם בנין איבערגעגעבן מיט א תנאי, אז ווי ווי־ט מעגלעך, זאל מען באשעפטיקן 50% יידישע ארבעטער. דער אונטערנעמער האט אבער אויסגעפונען גענוג תירוצים, כדי שיקאנירן די יידישע

ארבעטער, ביז יענע האבן נישט אויסגעהאלטן און פארלאזן, אלע ווי איין מענטש, די ארבעט״.

מ. דיזנהאף, וואס איז געווען פאראנטווארטלעך פארן שול־בנין, איז ארויס אין „הצבי״ מיט אן אפענעם בריוו, וואו ער האט זיך באמיט דערווייזן, אז די יידן זענען ניט מסוגל צו ארבעטן...

פתח־תקוה, תמוז תרס״ח.

„גרויס פארביטערונג האט ארויסגערופן ביי אלעמען דער קלאנג, וואס איז טאקע באשטעטיקט געווארן דורך דער אויספארשונג פונ׳ם פאלעסטינע־אמט, אז געוויסע קאלאניסטן אין פתח־תקוה האלטן ביי אראפברענגען עגיפטישע ארבעטער״.

פתח־תקוה, תמוז, תרס״ט.

„מיט פיר יאר צוריק האט זיך אנגעהייבן א תקופה פון יידישע יונגע ארבעטער. צוערשט האבן זיי געציילט נישט מער ווי א פאר צענדליק. נאך צוויי יאר ארבעט זענען זיי שוין געוואקסן קרוב צו 250. אזוי האט עס אנגעהאלטן ביז מיט אנדערהאלבן יאר צוריק. און פון דאן אן גייט שוין די צאל בארג אראפ. מיט א יאר צוריק האבן זיך נאך געפינען אויפן פלאץ א מאן הונדערט, און היינט איז פארבליבן נישט מער ווי 30 – 25. א העלפט פון דעם ארבעטן סטאביל בא ק. אין פרדס – דער איינצ׳קער פרדס, וואס ווערט באארבעט אויסשליסלעך מיט יידישע הענט. און אין דער זעלבער צייט ארבעטן און פתח־תקוה, יעדנפאלס ניט ווייניקער ווי 1200 אראבישע ארבעטער״.

יפו, תמוז, תרס״ט.

„ווי באוואוסט, האט די געזעלשאפט „אחוזת בית״ (אזוי האט צוערשט געהייסן תל־אביב) באקומען פון קרן־קיימת א הלואה, לערך א פערטל מיליון פראנק. האט מען געקאנט האפן, אז אט די פארשטאט וועט שוין זיכער געבויט ווערן מיט יידישע ארבעטער...

די רעזולטאטן זענען אלעמען באקאנט: דעם גרונט־שטיין האבן אין אט דעם יידישן פארשטאט, געלייגט פרעמדע ארבעטער. די לעצטע וואך זענען אוועק עטלעכע יידישע סטאלארעס און געבעטן, מען זאל זיי איבערגעבן די האלץ־ארבעט. ענטפערט זיי א מיטגליד פון ועד „אחוזת בית״ (תל־אביב) אז ס׳איז אים קיין נפקא־מינה נישט ווער עס וועט אננעמען די ארבעט און מען זאל אים מער נישט דולן קיין קאפ״...

יפו, חשון, תר״ע:

„אט גייט און ווערט שוין פארענדיקט דער יידישער קווארטאל תל־אביב, וואס איז אויסגעבויט אויף דער הלואה פונ׳ם נאציאנאל־פאנד. פון זונען־אויפגאנג ביז שפעט אין אוונט איז דער גרויסער פלאץ פול מיט לעבן און באוועגונג. ס׳הילכן און קלאפן די האמערס, אבער זעלטן וואו הערן די וועגט א יידיש ליד, א יידיש ווארט, ווייל פרעמדע זענען זיך מטפל בא די אלע בנינים, און בלויז 3–2 הייזער (אויסער די גימנאזיע) ווערן געבויט דורך יידן״...

די פרדסים פון דער יק״א אדמיניסטראציע, תר״ע.

„אלע עיקר׳דיקע ארבעטן אין די פרדסים פון באראן, אין פתח־תקוה, אין וואדי־חאנין, אין מקוה־ישראל, אין גן־מונטיפיורי א. א. וו. ווערן אויסגעפירט מיט פרעמדע הענט. נאך דעם באוואוסטן צופאל אין וואדי־חאנין, וואו מען האט ארויסגעריסן א היבשע צאל בוימער, האבן מיר זיך געווענדעט צו דער אדמיניסטרציע און געפאדערט פאר־גרעסערן די צאל יידישע ארבעטער. האבן מיר באקומען אן אפזאג״.

## ה. מיט וואס האט מען בארעכטיקט אט דעם „חרם״?

נאטירלעך, ס׳האבן זיך אויך דאן געפונען „אידעאלאגען״, וואס האבן פרובירט צו כשרן אט דעם באיקאט לגבי דעם יידישן ארבעטן מיט פאליטישע טעמים. דער בעלי־בתישער עולם האט נאך דאך קנאפ וואס באנוצט זיך מיטן פזמון וועגן „ארבעטער הערשאפט״ און „דיקטאטור״. אבער אין עצם זענען עס געווען און געבליבן די זעלבע טענות בנוגע דעם יידישן ארבעטער, מער נישט, דער סטיל, דער אופן פון רעדן איז געווען אן אנדערער. דא־מאלסט האט נאך ניט עקזיסטירט די שרעקלעכע „הסתדרות הכללית״, אפילו די הסתדרות חקלאית (לאנדווירטשאפטלעכע ארגאניזאציע) איז נאך ניט גע־גרינדעט געווארן. ס׳איז ניט געווען קיין שפור פון די „לשכה מעמדית״ (קלאסן־ארבעטער־ביורא), פון קאאפעראטיווע ארבעטער אונטערנעמונגען, ווי „סולל־בונה״. די ארבעטערשאפט האט ניט געהאט קיין אייגענע אינסטיטוציעס, און די יידישע יוגנט, וואס האט אלץ פארלאזן אין דער היים און געקומען קיין ארץ־ישראל לעבן אלס באטראקעס פאר אנדערהאלבן — צוויי פראנק א טאג, איז געווען באזעלט מיט איין דראנג — אומקערן יידישע ארבעט אין יידישן לאנד צו יידישע ארבעטס־הענט. אבער אלע טענות וואס מיר הערן היינט קעגן דעם יידישן ארבעטער — וואס האט כלומרשט פארכאפט דעם גאנצן ישוב — האט מען שוין דאמאלסט געהערט כמעט מיט די זעלבע ווערטער.

„ס׳איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן מיט די בעסטע קאלא־ניסטן — שרייבט דאן א. בן־יהודה, — און ס׳איז מיר קלאר געווארן, אז נאך א פאר יאר און קיין זכר פון יידישן ארבעטער וועט נישט בלייבן אין די קאלאניעס: נישט ווייל ער ארבעט שלעכט, דער יידישער ארבעטער, אויך נישט ווייל ער קאסט טייערער, מיידן דערי־בער אויס די קאלאניסטען צו באנוצן אים, נאר מחמת די מנהגים, די גענג און פרעטענזיעס פון די יידישע ארבעטער אין באצוג צו די ארבעטס־געבער. דער קאלאניסט קען בשום אופן נישט איינגיין און בייגן דעם קאפ פאר די תביעות פון דעם יידישן ארבעטער וואס קומט אין נאמען און מיטן כח פון זיין ארגינאזאציע״...

מיר אבער, פון דער צווייטער עליה, וואס זאלן מיר דערצו זאגן, ווען מיר געדענקען נאך גוט „יענע גוטע אלטע צייטן״ — בשעת די פתח־תקוה׳ר קאלאניסטן האבן אונז פארט מקבל פנים געווען מיט א חרם און דער

ועד המושבה האט געפסקנט, אז נישט בלויז ארבעט, נאר אפילו א צימער טאר מען אונז נישט פארדינגען און קיין מעדיצינישע הילף טאר מען נישט געבן דעם יידישן ארבעטער...

און נישט איינער פון אונז, נאר ה׳ סמיליאנסקי אליין, האט דאן געשריבן (אלול תרס״ח):

„מיר ווייסן וועגן דעם „חרם״ אין פתח־תקוה און ס׳איז אויך א סוד פאר גאנץ בראד, אז אויסער אט דעם אפענעם חרם, זענען נאך דא פארבארגענע „חרמות״, אמאל פאסיווע, אמאל אקטיווע. און ווער ווייס דען נישט, ווי מען שושקעט אריין אין אויער יעדן „מאכט־האבער״, אז דאס זענען ארבעטער וועלכע זענען געקומען אונז חרוב מאכן די וועלט, אראפפירן פון וועג די קינדער און קעמפן קעגן דעם וואס איז אונז הייליק — און אלץ אויפן יסוד פון עפעס אן איינצלנעם טאט אדער אויסדרוק פון א נארישן אדער טאקע א שלעכטן יונגן בחור״...

אט ווי עס האט אויסגעזען דער צושטאנד פון יידישע ארבעט און אט דאס זענען געוועזן די ארבעטס־באציאונגען אין דעם אנהייב פון דער צווייטער עליה.

## ו. אחד־העם׳ס סך־הכל און אויספירונגען פון יאר תרע״ב.

ווען אחד־העם איז פאר צוואנציק יאר שוין צום דריטן מאל געקומען אין לאנד און האט פרובירט אונטערפירן א סך הכל פון קאלאניזאציאנס־ווערק במשך 30 יאר, איז ער געקומען צו א שרעקלעכן אויספיר אויפ׳ן גרונד פון דער ארבעטס־פראגע:

„30 יאר דערפארונג פון די קאלאניעס לערנט אונז, אז יידישע קאלאניעס אין א״י קענען פראגרעסירן און וואקסן וואס אמאל מער... א ייד קען גרייליך זיין א פלייסיקער „פערמער״, א דארפישער „בעל־הבית״, ווי בועז אין זיינע צייטן, לעבן פון לאנדווירטשאפט, ארויס־וויזן בקיאות דערביי און זיין פארטאן אין באדן. טאג איין טאג אויס גאנץ פרי גייט ער ארויס אין פעלד און וויינגארטן, אכטונג געבן ווי די ארבעטער זיינע אקערן און זייען, פלאנצן און גראבן די וויינשטאקן, און בשעת מען דארף וועט ער זיך נישט אפזאגן צולייגן א האנט ממש, גלייך מיט די ארבעטער, אבער וואס קומט פון דעם אלעמען ארויס פארן „זיכערן היים״?

„א „העכערער״ קלאס פון אזוינע קאלאניסטן, וואס איז אפהייגניק פון פרעמדע ארבעטער קען ניט ווערן דער יסוד פאר אט דעם בנין. אין יעדער לאנד איז דער פונדאמענט — די פויערים מאסע, די ארבעטער און די ארימע פויערים, וואס לעבן בדוחק פון זייער ארבעט אין פעלד, פון דעם „העכערן קלאס״. אבער די ארץ־ישראל׳דיקע פויערים־מאסע איז היינט צו טאג נישט אונערע און ס׳איז זיך שווער צו פארשטעלן, ווי אזוי וועט זי אין דער צוקונפט געשאפן

ווערן, מעג ווי גרויס זיין די צאל פון אונזערע קאלאניעס אין אלע ווינקלאך פון לאנד.

„היינט, ווי באקאנט, ווערט דאך די ארבעט אין אונזערע קא־לאניעס געטון מייסטנס דורך די ארומיקע אראבישע דארפס־לייט. דאס זענען, אדער באטראקעס, וואס קומען גאנץ פרי און גייען, אוונט צייט, צוריק אוועק אין די דערפער, אדער סטאר־לע ארבעטער, וואס האבן זיך באזעצט מיט ווייב און קינד אין קאלאניע און זיי אלע ארבעטן דאס פאר אונז — פאר אונזער „געזיכערטן היים". — בלייבט, הייסט עס, נאר איין טרייסט און האפנונג: אויף די יונגע ארבעטער (ביז אהער אונטערגעשטראכן פון אחד־העם), וואס קומען פון חוץ־לארץ, לכתחילה מיטן געדאנק צו מוסר נפש זיין זיך פארן נאציאנאלן אידעאל „דעראבערן די ארבעט" אין ארץ־ישראל און שאפן אין אונזערע קאלאניעס, סיי אין די וואס זענען שוין דא און סיי אין די וואס וועלן אויפקומען מארגן, אט יענע פויערשע מאסן, וואס פעלן אונז ביז אהער. נישט אומזיסט טאקע איז די „ארבעטער־פראגע" לעצטנס געווארן די צענטראלע פראגע אין ישוב. אלע האבן דעם געפיל, אז דא גייט אין א פראגע פון א פיל גרעסערן פארנעם: ס'איז די גורל פראגע פון דעם גאנצן ציוניסטישן ציל און צוועק. אויב אט די ארבעטער וועלען אויך נישט קענען אויספילן וואס פעלט אונז — איז א סימן אז דער נאציאנאלער אידעאליזם איז אויך נישט בכוח צו שאפן די נויטיקע דערצו גייסטיקע אייגנשאפטן, און מיר וועלן מוזן שלום מאכן מיטן געדאנק אז אונזער דארפישער ישוב אין א"י, מעג ער ווי ברייט פארשפרייטן זיך ביז די סאמע ווייטסטע מעגליכקייטן, וועט אבער דאך בלייבן אן „אויבערשטער" ישוב פון א קולטורעל אנט־וויקלטער מינדערהייט, וועמענס כוח ליגט אין געלט און מוח; אבער די גרויסע פויערים־מאסע, וואס לעבט פון פראצע ממש, זי וועט אויך דאן נישט אונזערע זיין.

„אבער אזא לאגע ענדערט דאך לחלוטין דעם גאנצן מהות און ציל פונ'ם ציוניזם. (אונטערגעשטראכן פון מיר. ב. ג.)..

„מען קען שאפן אין די קאלאניעס „לאנד־מענטשן" פון א הע־כערן טיפ, וועמענס ארבעט ווערט מייסטנס געטאן דורך פרעמדע, מען קען אפשר אויך שאפן א קליינעם ארבעטער־קלאס פאר די „איידעלע" ארבעטן, די מער לייכטע און בעסער געצאלטע, ס'איז אבער אן אונמעגלעכע זאך צו שאפן א פויערים־מאסע — א מאסע ממש — וואס זאל גיין און איינגעמען די גאנצע שווערע און גראבע ארבעט, אט די וואס פאדערט א סך און גיט אזוי ווייניק, און וואס נאר אויף איר קען האבן א קיום דער פויערישער המון און זיינע גרויסע טויזנטער. אין פתח־תקוה, א שטייגער, בא איידעלע ארבעטן קאנען

זיך מפרנס זיין מאקסימום 400—300 ארבעטער, בשעת די שווארצע ארבעט באשעפטיקט טויזנטער". („סך הכל", על פרשת דרכים, כרך ד׳, י״ז אדר תרע״ב).

## ז. אן אויספיר וואס איז געווארן צונישט

אויפן סמך פון אט די הנחות מכוח דעם צושטאנד פון דער יידישער ארבעט און אירע פערספעקטיוון, קומט אחד־העם צו א לאגישן אומבאדינגטן, הגם פאטאלן, אויספיר, אז ס׳איז ניט מעגליך קיין פאליטישער ציוניזם, ווייל אן דעם ארבעטס־פאלק קען מען קיין מדינה ניט שאפן און קיין שום „זיכערע היים" (היינט וואלט מען געזאגט „נאציאנאלע היים") וועט נישט אויפקומען. אבער אחר־העם׳ן איז גאר נישט איינגעפאלן און ער האט נישט געפילט, אז אט די זעלבע הנחות, וואס שטייען אין א סתירה צום פאלי־טישן ציוניזם מאכן, פאר איינוועגס, א תל אויך פון זיין גייסטיקן ציוניזם. „א גייסטיקן נאציאנאלן צענטר פארן יידנטום, א צענטר פון תורה און חכמה, פון בוך און שפראך, פון פיזישער ארבעט און נשמה ריינקייט, אן אמת׳ע מיניאטור פון פאלק ישראל, ווי מיר וואלטן אים געוואלט זעען"— ווי זשע איז אזא זאך מעגליך בא א „העכערן" ישוב וואס הענגט אפ פון א פרעמד ארבעטער־פאלק, ווען אנדערע בויען פאר איהם זיין „גייסטיגן צענטר"?

ווי קען עס געמאלט זיין א יידישע קאלאניע מיט „א יידישן שטעמפל און א געזונטער נאציאנאלער אטמאספער", ווען נישט יידן מאכן אירע אלע ארבעטן? און וואס פאר א פנים האט עס „א העכערער קאלאניסטן קלאס"— הן מאראליש, הן געזעלשאפטלעך־נאציאנאל — ווען זי לעבט הויפטזעכלעך פון פרעמדער פראצע? נישט שוין זשע איז דער מיאוס׳ער, אומפרוכטבארער, נעבעכדיקער און צום אונטערגאנג פארמשפטער געשטאלט פון א בעל־הבית — אן עקספלואטאטאר, וועלכער איז, אין זיין אייגענער ווירטשאפט, ארומגערינגלט מיט ארבעטער פון אן אנדער פאלק—דאס געשטאלט פון „פאלק ישראל ווי מיר וואלטן אים געוואלט זען?"

אט וואס פאר א שלל ביטערע פראגעס וואלט מען געקענט שטעלן דעם אנהענגער פון „גייסטיקן צענטר", וואס האט פארזען און ניט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון יידישע מאסן ארבעט. ביי וועמען זיין ייד, דער „פיקח" און „קולטור מענטש" קען זיך נישט אויסלעבן אין דער וועלט פון ארבעט, ביי וועמען א לאנד־ארבעטער און א לאנד־קנעכט איז איינס און דאס זעלבע און וואס האלט, אז די יידישע מאראל און אבסאלוטע גערעכטיקייט — די יסודות פון זיין וועלט־באנעם, ווערן גארנישט געטראפן פון דעם „שיינעם טיפ" פון יענעם „קולטור־מענטש", וואס געניסט „מיטן גוף און נשמה" פון די קולטור־אוצרות", הגם ער אליין, אי זיין גוף, אי זיין נשמה, באטייליקט זיך נישט אין דער באשאפונג פון אט דער קולטור.

עס איז אונזער גליק, וואס איצטער, מיט 20 יאר שפעטער, קענען מיר מיט פולער זיכערקייט פארצייכענען, אז פון אחד־העם׳ס פעסימיסטישן

פראגנאז בנוגע דער יידישער ארבעט איז גארניט געבליבן. אט זיינען מיר זיך צוזאמענגעקומען אין א שטאט, וואו די גאנצע ארבעט, סיי איידעלע און לייכטע, סיי גראבע און שווערע ווערט אויף גאנצע הונדערט פראצענט אויסגעפירט מיט יידישע הענט. אויב תל־אביב איז געווארן א שם דבר, מיט וועלכן עס שטאלצירט און נעמט זיך איבער נישט בלויז דער ישוב, נאר דאס גאנצע יידישע פאלק, איז עס ניט דערפאר, ווייל תל־אביב פארמאגט יידישע געשעפטן, יידישע בענק אדער א יידישן שטאט־פרעזידענט — אזוינס קענט איר געפינען אין אסך שטעט און שטעטלעך, נאר ווייל אט די שטאט האט צו פארצייכענען א זאך, וואס קיין אנדער שטאט אין דער וועלט ווייסט דערפון נישט: זי איז די שטאט פון אויסשליסליכער יידישער ארבעט. די ניי אנגעקומענע נעמען אויף אט דעם גרויסן פאקט ווי נאטירלעכע זעלבסטפארשטענדלעכקייט, און עס דאכט זיך זיי, אז ס׳איז שוין „פון אייביק אן״, הגם אויך די שטאט איז נישט געבוירן געווארן מיט יידישע ארבעט. און נישט דוקא ביי איר אנהויב, ווי איך האב עס שוין דערציילט, נאר אויך נאך דער מלחמה האט תל־אביב אפגעהיט דעם גרויסן „אידעאל״ פאר וועלכן מ. סמיליאנסקי קעמפט מיט אזא ברען — די „געמישטע״ ארבעט. און ס׳האט געמוזט קומען די בלוטיקע אויפטרייסלונג פון מאי 1921, כדי תל־אביב זאל ווערן א שטאט פון יידישער ארבעט.

אבער ניט בלויז תל־אביב האט געמאכט צו נישט אחד־העם׳ס פעסי־מיסטישע נביאות — מיר האבן שוין זוכה געווען, אז אויך אין די קאלאניעס זיינען טויזנטער יידישע ארבעטער באשעפטיקט ביי כלערליי שווארצע און שווערע ארבעטן.

בשעת אחד־העם האט געשריבן זיין „סך הכל״, אין תרע״ב (1912), האבן די קאלאניעס פארמאגט ארום 600 ארבעטער (פתח־תקוה — 147, רחובות — 126, חדרה — 100, ראשון־לציון און באר־יעקב — 64, בן־שמן — 49, חולדה — 29 און אין די קאלאניעס פון גליל—עטליכע צענדליקער).

די ציילונג וואס דער פאלעסטינא־אמט (משרד הארצי־ישראלי) האט דורכגעפירט אין א יאר ארום (1913) האט געוויזן אז די צאל ארבעטער אין אלע קאלאניעס דערגרייכט 801 מאן, פון דעם 650 ארבעטער, 151 ארבעטארינס (416 אשכנזים, 310 תימנים, 64 ספרדים 11 פון אנדערע עדות). אויסער דעם, נאך 170 ארבעטער אין ווירטשאפטן פונם נאציאנאל פאנד (כנרת — 23, דגניה — 28, בן־שמן — 56, חולדה — 23, גן־שמואל — 6).

גלייך ביים סוף פון קריג (אין די יארן תרע״ז — תרע״ט) האבן די קאלאניעס אין יהודה געציילט — 607 ארבעטער, אין שומרון — 145, אין אונטערשטן גליל — 125, אין אויבערשטן גליל — 6. אלע קאלאניעס צוזאמען האבן פארמאגט 883 ארבעטער (אין דער צאל גייען נישט אריין די באאמטע אין די פרייע פראפעסיעס), די ארבעטער ווירטשאפטן האבן געציילט 410 ארבעטענדע (בן־שמן — 98, כנרת — 85, מרחביה — 56, נחלת־יהודה — 41, דגניה — 27, כרכור — 24, מחניים — 21, תל־עדשים — 20, אילת־השחר — 15, כפר־גלעדי — 31 און תל־חי — 10).

די ערשטע ציילונג נאך דער מלחמה, וואס די הסתדרות הכללית האט דורכגעפירט (י״ז אלול, תרפ״ב) האט שוין אנגעגעבן 1968 ארבעטער (ארייג־גערעכנט באאמטע און אנדערע ארבעטנדע). די צווייטע הסתדרות־ציילונג (כ״ב אלול תרפ״ו) האט אנגעציילט 4682 ארבעטער (3745 ארבעטער, 937 ארבעטארינס) און צוזאמען מיט די ארבעטער־פרויען – 5313 מאן. געארבעט האבן ביי לאנדווירטשאפט 2029 ארבעטער, 482 ארבעטארינס, צוזאמען 2511 מאן (53 פראצ. פונם גאנצן צאל ארבעטער). די איבעריקע האבן געארבעט ביי בוי־ארבעט, עפנטליכע ארבעטן, אין דער אינדוסטריע און האנטווערקעריי, באדינונג און אלס אנגעשטעלטע.

אין מערץ 1930 – לויט דער געמיינזאמער ציילונג פון דער הסתדרות און יידישער אגענץ – האבן זיך געפינען אין די קאלאניעס 7748 ארבעטער (אויסער די פרויען פון די ארבעטער). אין די קאלאניעס פון יהודה: 4454 ארבעטער, אין שרון – 1157, אין שומרון – 1602, אין גליל – 435. ביי לאנדווירטשאפט האבן געארבעט דערביי, 4912 – 64,7 %. (פון דעם ביי ארענזשן־גערטנער – 4231), בוי און געזעלשאפטלעכע ארבעטן – 820 – 10 6 %; אינדוסטריע און מלאכה 576 – 8,8 %; אנגעשטעלטע אין ביורא ארבעט 346 – 4,5 פראצ.

## ח. דער וואונדער פון יידישער ארבעט

היינט צו טאג ציילן די קאלאניעס איבער אכט טויזנט ארבעטער און צוזאמען מיט די ארבעטער־פרויען איבער צען טויזנט, און נאך צוויי מאל אזוי פיל אין די שטעט. עס איז אויסגעוואקסן א יידישער ארבעטער קלאס אין שטאט און אין דארף, וואס בויט גאנצע שטעט און קווארטאלן, מאכט וועגן און שאסייען, האקט פעלזן און שלייפט שטיינער, גראבט קאנאלן און עגבערט אויס ברונעמס, טריקנט בלאטעס און ראמט אויס זומפן, טראגט משאות און טרייבט אייזנבאנען, קאנטראלירט טעלעפאנען, טעלעגראפן און פראדוצירט עלעקטריציטעט, פירט אויס כל המינים ארבעטן אין פעלד און און אין גארטן, אין האנטווערקעריי און אין פאבריק, אין אלע צווייגן פון לאנד־ווירטשאפט, אינדוסטריע און מלאכה, און ס׳איז ניטא אזא ארבעט, וואס די יידישע ארבעטער האנט זאל זי ניט באמעכטיקן.

מיר האבן זוכה געווען ניט נאר צו טויזנטער ארבעטער אין אלע ווירטשאפטס־צווייגן, אויף אונזערע אויגן האט פאסירט א וואונדער, וואס אויך א סך פון אונז האבן זיך נישט פארגעשטעלט אים אזוי שנעל: דאס איפקומען פון גאנצע טעריטאריאלע קאמפלעקסן געבויט אויף 100 פראצ׳ יידישע ארבעט, נישט בלויז אין דער ארבעטער קאלאני־זאציע אויף דעם נאציאנאלן באדן, מיט איר יסוד פון זעלבסט־ארבעט, נאר טאקע אין דער פריוואט קאפיטאליסטישער קאלאניזאציע, אויף פריוואטן באדן, ביי געדונגענער לוין־ארבעט. ווי ווייט מיר זענען שוין אוועק פון יענע טעג, ווען מען האט נישט געקענט אויסגעפונען קיין יידישע פאך־לייט ביי בויען א ברונעם אין אן ארבעטער זידלונג, ווען א יידישע שול האט מען

אויפגעשטעלט נישט מיט קיין יידישע ארבעטס הענט, און ווען מען האט זיך געקענט דערלויבן צו באגיין אן דעם יידישן ארבעטער ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון דער ערשטער יידישער שטאט... דער ירדן־טאל און עמק־יזרעאל, דער גוש־השרון און תל־אביב, די טויזנטער יידישע ארבעטער אויף די פעלדער פון יהודה, שומרון און גליל און אין די ווארשטאטן און פאבריקן אין חיפה, תל־אביב און ירושלים. האבן צונישט געמאכט די שווארצע נבואות פון די אלע. וועלכע האבן נעגירט די יידישע ארבעט און געצווייפלט אין נאציאנאלן אויפקום, וואס איז ענג פארבונדן מיט יידישער ארבעט.

ווי זשע האט פאסירט אט דער וואונדער?

נישט אין דעם באשטייט דער וואונדער פון דעם יידישן קאלאניזאציאנס־אויפטו, וואס ער האט דאס לאנד איבערגעאנדערשט אין אירע חורבות אין אויפבוי פארוואנדלט — ווי גרויס דער אויפטו זאל ניט זיין. מיט געלט און וויסנשאפט קען מען אויפבויען די מדבריות פון דער שווארצער זידיקער אפריקע און אין דעם אייז־קאלטן ווייסן נארד־פאל. און ס׳איז ניטא אזא לאנד אין דער וועלט וואו יידישער קאפיטאל און שכל זאלן ניט האבן א חלק אין מאדערנעם וואונדער־ווערק פון אינדוסטריע און טעכניק וואס האבן איבערגעאנדערשט דעם פנים פון דער וועלט. אין ארץ־ישראל איז אבער אן אנדער וואונדער געשעען, א וואונדער וואס האט ניט זיין גלייכן אין קיין אנדער לאנד. ס׳איז אויפגעקומען א יידישער ארבעטער־קלאס, וואס האט דאס לאנד באנייט, און מיט זיין שעפערישער ארבעט, מיט זיין שווייס און פראצע אויסגעבויט אויף פרוכטלאזע, לערע זאמדן — א בליענדע שטאט, אירע גאסן געברוקירט, אירע הייזער און אנשטאלטן, ווערק־שטאטן און פאבריקן, וואס שטראמען מיט לעבן און קולטור, אויפגעשטעלט און באוועגט; אויף אויסגעמאגערטע לענדערייען און פארפעסטעטע זומפן — פרדסים און וויינגערטנער געפלאנצט און באפרוכפערט; ארויסגעצויבערט פון „טויטן־ים״ זיינע פארבארגענע אוצרות, און וואסער־שטראמען פארוואנדלט אין א קוואל פון עלעקטרישע קראפט און ליכט. עס איז דער יידישער ארבעטער וועמענס האנט פירט דעם אקער־אייזן און טרייבט דעם טראקטאר, ארבעט אויפן באדן און שאסע, אין שטיינהאקעריי, אין פארט, א יידישער ארבעטער וואס האט נישט זיין גלייכן אין קיין גלות־לאנד, אין מיט ניט א סך יארן צוריק האבן זייער פילע נאך געצווייפלט אויב ער קען אויך דא אויפקומען. און זיי האבן געהאט א גרונט צו צווייפלען.

אויב עס געפינט זיך א לאנד וואס איז אמווייניקסטנס גינסטיק, לויט אירע אביעקטיווע אייגנשאפטן, אין איר היינטיקן צושטאנד, אז דארט זאל אויסוואקסן א יידישער ארבעטער קלאס — איז עס טאקע פאלעסטינע.

אין אלע לענדער קומט אויס דעם יידישן ארבעטער אויסצושטיין צווייערליי פלאגן: דער יידישער אונטערנעמער פארהאלט זיך פרעמד לגבי דעם הארעפאשניק פון זיין אייגענעם פאלק, און ארום דריקט און שטויסט ארויס די נישט־יידישע סביבה — אן אונטערשייד פון קלאס... דער עקאנאמישער אנטיסעמיטיזם פונם ארבעטס־געבער — פארצוימט כמעט אין אלע

לענדער דעם וועג. און לאָזט נישט צו דעם יידישן אַרבעטער צו די גרונט־צווייגן אין דער פּראָדוקציע. מיט דעם זעלבן אַנטיסעמיטיזם זענען אָנגעשטעקט אַ טייל פון די יידישע אַרבעטס־געבער אין די אַלע לענדער. די קאָלאָניסטן פון פּתח־תקוה זענען גאָרנישט די ערשטע געפאַלן אויף דער המצאה פון האַלטן אין חרם דעם יידישן אַרבעטער.

ארץ־ישראל פאַרמאָגט נאָך אָבער, דערצו, אַ דריטע פּלאָג, אַ מעכטיקן אָביעקטיוון פאַקטאָר, וואָס מאַכט, כמעט, אוממעגלעך, אַז יידישע אַרבעט זאָל דאָ האָבן אַ קיום: עס געפינט זיך אין לאַנד אַ קאָלאָסאַלער רעזער־וואַר פון ניט־יידישע ביליקע אַרבעט, נישט קיין אָרגאַניזירטע, אַן באַוואוסט־זיין, וואָס לעבט מיט אַ שיבוש, פאַרשקלאַפט און פאַריאָכט ביז גאָר. אַ שרייבער אין „המגיד" האָט נאָך מיט פופציק יאָר צוריק אויסגערעכנט די שבחים פון ארץ־ישראל און אָנגעגעבן ווי איינע פון אירע גרעסטע מעלות, דעם פאַקט, אַז „אַראַבישע אַרבעטער זענען דאָ בשפע און זייער לוין איז נישטיק". אָט די „שפע" און „נישטיקייט" — זענען עס טאַקע כסדר, פון דעמאָלט ביז היינט, געשטאַנען אין וועג פון דער יידישער אַרבעט.

און אויב אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט דער יידישער אַרבעטער נישט געקענט זיך געפינען אַ זיכערן פּלאַץ און אָנשפּאַר אין דער יידישער נייער ווירטשאַפט וואָס איז אויסגעוואַקסן אין לאַנד, איז עס ניט בלויז דערפאַר ווייל אין ארץ־ישראל, פּונקט ווי אין אַנדערע לענדער, האָט דער יידישער אַרבעטסגעבער אַרויסגעוויזן שנאה און אַ שלעכט האַרץ לגבי דעם יידישן אַרבעטער. נאָר אויך צוליב אַן אָביעקטיוון טעם: דאָס לאַנד פאַר־מאָגט אַ שפע ניט־יידישע ביליקע אַרבעטס־קראַפט, וואָס לאָזט זיך לייכט און באַקוועם, אָן ווידערשטאַנד — עקספּלאָאַטירן.

טאָ וועלכער כּוח האָט עס פאָרט אויפגעשטעלט אַ יידישן אַרבעטער־קלאַס, נישט געקוקט אויפן חרם און פייַנטשאַפט, נישט געקוקט אויף דער פּאַראַליזירנדער השפעה פון דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט? וואָס האָט סוף כל סוף געשאַפן אָט דעם וואונדער?

## ט. דאָס נאַציאָנאַלע געוויסן

הערט מען אויף דעם אַ תשובה: דאָס נאַציאָנאַלע געוויסן. דאָס געוויסן פון יידישן אַרבעטסגעבער, וואָס צווינגט אים, אויס ציוניסטישער אחריות, נעמען דעם יידישן אַרבעטער צו דער אַרבעט. איך וועל זיין דער לעצטער צו לייקענען אינ׳ם נאַציאָנאַלן געוויסן. מיר דאַכט זיך אַז זשוכאָוויצקי׳ס ווערטער, וואָס אונז איז אויסגעקומען היינט אוונט צו הערן, איז אַן אויס־דרוק פון נאַציאָנאַלן געוויסן. איך ווייס ניט אויף וויפל זשוכאָוויצקי האָט גערעדט אַלס פאַרשטייער, אַלס שליח פון די קאָלאָניסטן, יעדנפאַלס זיינען עס געווען רייד פון אַ קאָלאָניסט, און אַזוי ריידן קען נאָר איינער, ביי וועמען סלעבט אַ נאַציאָנאַלער געוויסן. און זשוכאָוויצקי איז ניט קיין יחיד. ס׳זיינען שוין דאָ איצטער צענדליקער און הונדערטער קאָלאָניסטן וואָס זיינען מקיים געטרייערהייט דעם געבאָט פון יידישע אַרבעט, און ניט דווקא

נייע, ערשט געקומענע, נייערט אויך אלטע קאלאניסטן, וואס זיינען שוין אויסגעשטאנען אלערליי נסיונות און קענען שוין גוט אלע חומרות און שוועריקייטן פון יידישע ארבעט.

און זאל דא פארצייכנט ווערן, אפשר איינער פון די שענסטע מוסטערן, וואס האבן אנטפלעקט דעם נאציאנאלן געוויסן ביים אכר און וואס איך האב שזין פריער דערמאנט—ס׳איז י. קרול פון פתח־תקוה; זיין פרדס איז געוועזן דער ערשטער און איינציקער, וואס האט נאך מיט פיר און צוואנציק יאר צוריק אפגעהיט אין פולער מאס די יידישע ארבעט.

אין היינטיקע צייטן, בשעת עס איז שוין דא די ארבעטער־קאלאניזאציע אין עמק, וואס האט געצייגט די יכולת פון יידישן ארבעטער אין לאנד־ווירטשאפט, נאך דעם ווי טויזנטער יידישע ארבעטער טוען די שווערסטע ארבעט אין די קאלאניעס, אין תל־אביב מיט גוש השרון זיינען פולשטענדיק „פאריידישט״ געווארן, — איז אפשר ניט אזוי שווער צו ריידן וועגן יידישער ארבעט, ווי ס׳האט גערעדט זשוכאוויצקי. און אפילו אויך מקיים זיין דאס, וואס ער איז טאקע מקיים. אבער אין יענע צייטן, ווען ארום איז געווען א פיינדלעכקייט צום יידישן ארבעטער, ווען נישט בלויז די ציוניסטישע פראקטיק נאר אויך די ציוניסטישע טעאריע האט נאך ניט געוואלט הערן און וויסן וועגן דער געבאט פון ארבעט, ווען איינער פון די בעסטע דיינקער און דער חבת ציון באוועגונג האט אפילו בפירוש געלייקנט די עצם מעגלעכקייט פון יידישער ארבעט און האט עס כלל וכלל נישט געהאלטן פאר אן אומבאדינגטן תנאי ביי אויפלעבן דאס יידנטום און אויפריכטן דעם „גייסטיקן צענטר״ - דאן, אין יענע צייטן האט מען געמוזט פארמאגן א לעבעדיקן און טריי־אויסגעהאלטענעם נאציאנאלן געוויסן. כדי צו לאזן זיך שווימען קעגן שטראם און עקשנותדיק, פאנאטיש מקיים זיין די מצוה פון הונדערט פראצענט יידישע ארבעט, נישט געקוקט אויף דער ארומיקער קאלאניסטן סביבה, וואס האט עס אויפגענומען מיט בטול און חוזק. איך בין זיכער, אז אט דער מענטש וועט אריין אין דער געשיכטע פונם ישוב ווי איינער פון די שענסטע העלדן פון דער יידישער קאלאניזאציע. ס׳איז ניט אזא גרויסע גבורה איינצושטעלן דאס לעבן בשעת א סכנה אדער אין א מאמענט פון באגייסטערונג—סאיז אבער נויטיק א מאראַלישע גבורה אויף צו מקיים זיין טאג איין טאג אויס די פראזאאישע ציוניסטישע מצוה, וואס פארמאגט נאך אפילו נישט דעם אפיציעלן שטעמפל פון דער באוועגונג און וואס דער אונטערנעמער־קרייז האלט אין איין אויסלאכן זי. סאיז אבער געווען א זעלטענער פאל, אן אויסנאם פאל פון א הערואישן נאציאנאלן געוויסן. צענדליקער און הונדערטער קאלאניסטן, וועלכע זיינען געקומען אין לאנד מיטן נאמען פון ציוניזם אויף די ליפן און וואס האבן זיך באזעצט אין לאנד מיט דער הילף פון דער ציוניסטישער באוועגונג — האבן זיך אפגעטרייסלט און אפגעשאקלט פון דעם נאציאנאלן געוויסן אין עד היום האלטן נאך א סך פון זיי און איין באיקאטירן דעם יידישן ארבעטער.

אין זכרון יעקב און ראש פנה האט דער יידישער ארבעטער נאך יעצט כמעט קיין דריסת הרגל נישט, אין פתח תקוה, נס ציונה, ראשון לציון, חדרה און רחובות זענען דא צענדליקער פרדסים, ווי די יידישע ארבעט איז אונטער א באיקאט. אין איין פתח תקוה האט מען אנגעציילט דעם 31 13 4 108 פרדסים אויף א שטח פון 4898 דונאם, וואו דער יידישער ארבעטער איז נאך די שוועל זייערע נישט אריבער־געטראטן. 4־טן פעווראל 1930 האבן אין די פינף קאלאניעס געארבעט ביי לאנדווירשאפט 2733 יידישע ארבעטער און 3078 אראבישע. היינטיקן פעווראל האבן אין אט די פינף קאלאניעס געארבעט 4230 יידישע ארבעטער (ובתוכם אויך בוי ארבעט אין ביי געזעלשאפטלעכע ארבעטן) און א 4000 אראבישע (בלויז ביי לאנד־ווירטשאפט).

און צווישן אט די באיקאט־טרייבער און שונאים פון יידישער ארבעט זענען דאך א סך געקומען מיטן שם המפורש פונם נאציאנאלן אידעאל, און עד היום קלאמערן זיי זיך אן דער פאן פונם ציוניזם און אויפבוי פון לאנד – און זייער „געוויסן״ איז רוהיק און זייער „נאציאנאליזם״ ווערט אפילו נישט געטראפן בשעת זיי פארטרייבען דעם יידישן ארבעטער פון זייער ווירטשאפט.

דער ציוניזם פון די אונטערנעמער האט זיי נישט דיקטירט צו בא־נוצן יידישע ארבעט, און מיר לייגן נישט אונזער האפנונג אויף זייער „נאציאנאלן געוויסן״. נאנץ אנדערע כחות האבן ארויסגעהאלפן דער יידישער ארבעט.

## י. די ארגאניזאציע פון די יידישע ארבעטער

הערט מען א צווייטע תשובה: דער כוח פון ארבעטער־ארגאניזציע. איך בין איינער פון די, וועלכע האבן כמה יארן אפגעגעבן אויף ארגא־ניזירן אין אַ געוויסער מאס די ארבעטער און מיך וועט איר זיכער נישט חושד זיין, אַז איך ווייס נישט ווי אפצושאצן די לעבנס וויכטיקייט און פאזיטיוון ווערט פון ארבעטער ארגאניזירונג. ווער עס איז נאר אַ ביסל באקאנט מיט די ארבעטס־באדינגונגען בא אונז וועט מוזען מודה זיין, אַז אָן אַן ארגאניזאציע וועט דער יידישער ארבעטער קיין קיום נישט האבן אין לאַנד. אומעטום איז שווער צו זיין אַן ארבעטער, זיבן מאל שווערער איז צו זיין אַ יידישער ארבעטער, און זיבן מאל זיבן – א יידישער ארבעטער אין ארץ ישראל...

איבערגיין צו אַן ארבעט, מיט וועלכער מען איז נישט געוואוינט, אין אַן איינוואנדערונגס לאַנד, וואס האלט ערשט אין בויען זיך אין וואו דער עקאנאמישער באזיס איז נאך ווייט נישט פעסט, ביי אַ באגרענעצטן ארבעטס מארק וואס איז גאר ניט זיכער און נישט סטאביל, און וואס קען אַ ליאַדע צייט ווערן פארפלייצט מיט ביליקער ארבעט, האבן קעגן זיך פיינדליכע ארבעטס געבער וואס נויטיקען זיך בכלל נישט אין דיר – אין אזעלכע באדינגונגען, שיינט מיר, האט נאך קיין יידישער ארבעטער נישט געארבעט.

און א פעסטע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע, אָן אן איבערגעגעבענע חבר׳שע הילף, אָן א קעגנזייטיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, קאָלעקטיווער דערפאַרונג און צענטראַליזירטער אָנפירונג; אָן זעלבסשטענדיקע פּראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, אָן בשותפותדיקע אינסטרומענטן פון קאַמף און ערובערונג — אָן דעם אַלעמען וואָלט דער יידישער אַרבעטער זיך נישט געקאָנט דערשלאָגן צו אַרבעט, וואָלט ער נישט זיין בכח אָפּהיטן זיין מענטשלעכן געשטאַלט, וואָלט נישט געקאָנט אַרויסברענגען זיין שעפערישע פעיִקייט און ער וואָלט נישט געווען מסוגל אויספילן די שליחות וואָס ליגט אויף אים לגבי דעם ציוניסטישן ווערק. און דער וואָס וויל יידישע אַרבעטער און וויל ניט גלייכצייטיק אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעט — דער איז נישט מער, ווי אַ אָפּנאַרער.

מער ווי וואו עס איז אַנדערש איז דווקא אין ארץ ישראל דער גורל פון יידישער אַרבעט דורך און דורך אָפּהענגיק פון אירע אָרגאַניזיר־מעגלעכקייטן. און פונדעסטוועגן גלייב איך נישט, אז בלויז מיט דעם כוח פון אָרגאַנאַזירונג האָבן מיר אויפגעטאָן אַלס, וואָס מיר האָבן ביז אַ הער דערגרייכט. מיט וואָס קען מען דערקלערן דעם וואונדער, אז אין אַ מיטן ים ביליקער און נישט אָרגאַניזירטער אַרבעט האָבן זיך אַרויפגעהייבן גאַנצע אינזלען פון טייערער, אָרגאַניזירטער אַרבעטס־קראַפט. און דאָ רעדט זיך נישט וועגן „איידעלע״ אַרבעטן, וואָס פאַרלאַנגען אינטעליגענץ אָדער ספּעציעלע פאַך־קענטשאַפט — נאָר וועגן פּראָסט־פּשוטע, גראָבע אַרבעטן וואָס ווערן אויסגעפירט אָן קיינע שום שוועריקייטן, אָן קיין שום באַזונדערן חילוק דורך דעם ביליקן אַרבעטער. קען דען וועמען איז איינפאַלן, אַז ענגלישע אָדער דייטשע אַרבעטער, אויב זיי וואָלטן צופעליק אַריינקומען א הער — וואָלט זיך זיי איינגעגעבן צו פאַרפעסטיקן אין די טויזנטער בא שוואַרצער אַרבעט און גלייכצייטיק אָפּהיטן זייער הויכן לעבנס־ניוואָ נישט געקוקט אויף דער עקזיסטענץ פון מאַסן־ביליקע אַרבעטער אין לאַנד? איז דען מער גאָר נישט נויטיק דערצו, ווי בלויז דער כוח פון אָרגאַניזאַציע?

אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן מיר נאָך אַזאַ ביישפּיל ניט געהאַט. אומעטום וואו עס זענען דאָ צוויי גרופּן אַרבעטער מיט א פאַרשידענעם לעבנס־ניוואָ, קומט אויס די „העכערע״ אַרבעטער צו בלייבן פאַרשטופּט אין די „אַריסטאָקראַטישע״ אַרבעטס־צווייגן — צי עס איז אן אַריסטאָקראַטיע געשאַפן דורכן געזעץ אָדער פאַך — אָבער מיר האָבן נאָך נישט געזען א ביישפּיל, וואו דער טייערער און אָרגאַניזירטער אַרבעטער זאָל איינעמען יענע אַרבעטן, וואָס זענען אויסגעפירט אויפן זעלבן פּלאַץ דורך דעם ביליקן, נישט אָרגאַניזירטן אַרבעטער און גלייכצייטיק זאָל ער איינהאַלטן זיין הויכן לעבנס ניוואָ אין זיינע סאָציאַלע דעראָבערונגען.

## יא. דער כוח פון דער עליה

וועלכע קראַפט האָט עס, אַלזאָ, אַרויסגעהאָלפן דער יידישער אַרבעט? די דינאַמישע קראַפט פון דער עליה — אָט פון וואַנען עס

נ ע מ ט זיך דער וואונדער. אויב ס׳איז געלונגען דעם יידישן ארבעטער גובר זיין די קעגנערשאפט פונם יידישן ארבעטס־געבער און בייקומען די אביעק־טיווע ווירקלעכקייט וואס גראבט זיך אונטער זיין קיום — איז עס נאר א דאנק דעם אלץ־גרעסערן, וואס א מאל שטארקערן דרוק פון דער היס־טארישער לעבנס באדערפעניש, וואס באוועגט די יידישע מאסן אין גלות, וואס שטראמען אהער. די מאסן, וואס האבן קיין קיום נישט היינט און קיין אויסזיכט אויף מארגן, סיידן זיי וועלן איבערגיין צו א לעבן פון ארבעט, און שלאגן ווארצלען אין באדן פון אן אייגענער היים. א גראנדיעזער און מעכטיקער כח איז עס — הגם טיף א פארבארגענער, וואס לאזט זיך נישט אנקוקן מיטן אויג — אט דער כוח פון לעבנס־אינסטינקט פון אידישן פאלק וואס גארט נאך לאנד און ארבעט, נאך פרייהייט און זעלבסשטענדיקייט — אן אומבויגזאמער כוח, וואס טרעט נישט אפ פאר שטערונגען; נישט קיין אנדערער, ווי ער ער האט עס געשטעלט די חלוצים און באפוילן זיי איינעמען ארבעט אין לאנד, ווייל ס׳איז די לעבנס־פראגע פארן פאלק. נישט מיט זייער אייגענעם פערזענליכען כוח, — נאר מיטן כוח פון דער היסט׳אָרישער שליחות, וואס די ארבעטס־פיאנערן האבן גענומען אויף זיך — באנען דעם וועג פאר די יידישע מאסן צום אייגענעם היים — האבן זיי עס געשאפן דעם גרויס וואונדער, מיט וועלכן דער ציוניסטישער אויפטו שטאלצירט און מיט וועלכן ס׳איז פארבינדען אונזער האפנונג און צוקונפט אין לאנד.

און פונקט ווי דער יידישער ארבעטער איז א פראדוקט פון דער עליה. איר שליח און אנזאגער — אזוי איז די עליה גופא אפהענגיק פון דעם, ווי וועט אויספאלן דער גורל פון דער יידישער ארבעט אין לאנד. ס׳איז לחלוטין קיין צופאל נישט און א ודאי נישט אומזיסט באקעמפן די שונאים אין פארלוימדער פונם יידישן ארבעטער די עליה. דער פאליטישער פארשטייער פון דער יידישער אגענץ האט אין דער אספת־הנבחרים שוין דערציילט, ווי אזוי די שענדלעכע איינשטעלונג פון „בוסתנאי״ צו דער ארבעטער עליה־ האט צוגעהאלפן אלע אנדערע פאקטארן צו פארשליסן היי־יאר די טויערן פון לאנד.

דעריבער איז יעדער איינער וואס רעדט ברייט און הויך וועגן א מאסן עליה, וועגן א פאלקס קאלאניזאציע און וועגן ציוניזם פון גרויסן פארנעם — און דאגה׳ס בשעת מעשה נישט, ערנסט און אויפריכטיק, בפועל ממש, טאג איין טאג אויס פאר דער יידישער ארבעט — זי זאל זיך פאר־פעסטיקן און אויסברייטערן ביז די מעגלעכסט ווייטסטע גרענעצן פון דער יידישער ווירטשאפט און ביי אלע פאראנענע אויסזיכטן אין לאנד — דער איז נישט מער, ווי א פראזן־דרעשער און פארפירער, וואס שיט זאמד אין די אויגן.

און די פראגע פון יידישער ארבעט שטעלט זיך דוקא איצטער אוועק מיט דער גאנצער פאטאלער טראגישקייט, ווי זי איז נאך קיינמאל נישט געשטאנען במשך די גאנצע פופציק יאר קאלאניזאציע. — נישט מחמת די

ווינטערדיקע „קטיף־געשעענישן” (די ארבעטס־סכסוכים בעת מען נעמט אראפ די מאראנצן), נאר ווייל מיר זענען הארט צוגעקומען צו אן אנטשיידענער אנטוויקלונגס־שטופע אין דער יידישער פלאנטאציאנס ווירטשאפט. אין דער נאענסטער תקופה וועט אנט־שיידן ווערן דער גורל פון דער יידישער ארבעט אין דער פריוואט קאפי־טאליסטישער קאלאניזאציע, אהער אדער אהין, אויף גנאד אדער באראט. און צוזאמען מיט איר וועט עס זיין די גורל פראגע פון דער דאזיקער קאלאניזאציע גופא ס׳איז גלייכצייטיק די „גורל־פראגע פון דער יידישער עליה אויפן נאענטסטן פעריאד.

## יב. וויפיל ארבעטער וועט פאדערן די פלאנטאציע ווירטשאפט?

אויף דער ערשטער סעסיע פון דער צווייטער אספת הנבחרים, וואס איז זיך צוזאמענגעקומען פאר זעקס יארן (טבת, תרפ״ו), בשעת מען האט באטראכט די ווירטשאפטלעכע לאגע פונם ישוב און בשעת מען האט, פארשטייט זיך, דערוועקט די פראגע וועגן אויסברייטערן די יידישע ארבעט אין די קאלאניעס, האט מ. סמיליאנסקי, דער פארזיצער פון די „קאלאניסטן פאראייניקונג” (התאחדות האכרים) פרובירט דערווייזן מיט ציפערן, אז די אויפ־נאמס־פייהיקייט פון די קאלאניעס איז שוין אויסגעשעפט, אז ס׳איז נישטא קיין שום מעגלעכקייט אויפנעמען אין די קאלאניעס נייע יידישע ארבעטער במשך די נאענטסטע יארן, — און נאך בעסער — ס׳איז גאר דא אן איבערפלוס פון עטלעכע הונדערט ארבעטער און ס׳וואלט געווען כדאי ארויסנעמען זיי פון דער קאלאניע. אויך אט די שווארצע נבואה האבן ווייטערדיקע פאקטן אפגעלייקענט און די אויפנאמספייהיקייט פון דער קאלאניע האט געהאלטן און איין וואקסן, ווי עס ווייזן די פאלגנדע ציפערן.

אין יאר 1926 זיינען געווען פרדסים וואס גיבן פרוכט — 10 500 דונאם (אין יאר 1901—900 דונאם, אין יאר 1914—9200 דונאם). פון יאר 1926 הייבט זיך א קענטיקע, סיסטעמאטישע אויסברייטערונג פון דער יידישער פלאנטאציע ווירטשאפט.

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אין | יאר | 1926 | האט | מען | פארפלאנצט | נייע | 5000 דונאם |
| ״ | ״ | 1927 | ״ | ״ | ״ | ״ | 5500 ״ |
| ״ | ״ | 1928 | ״ | ״ | ״ | ״ | 8000 ״ |
| ״ | ״ | 1929 | ״ | ״ | ״ | ״ | 15500 ״ |
| ״ | ״ | 1930 | ״ | ״ | ״ | ״ | 14500 ״ |
| ״ | ״ | 1931 | ״ | ״ | ״ | ״ | 6000 ״ |
| | | | | | | בס״ה . . | 54000 ״ |

איצטער גיט צו די 10.500 דונאם אלטע פרדסים פון פאר י. 1926 — האט איר ארום און ארום 64.500 דונאם. היי־יאר וועט מען פארפלאנצן, ווי מען האט מיר איבערגעגעבן אין ביורא פון „התאחדות האכרים” — 11 000 דונאם, און ווי אנדערע, מיר אינפארמירטע קוועלן גיבן איבער — בא 17.000

דונאם, ד. הייסט, אז דער שטח פון די יידישע פלאנטאציעס וועט באלד דערגרייכן קרוב צו 80 טויזנט דונאם.

(דער שטח פון די אראבישע פרדסים דערגרייכט ביז 50.000 דונאם און ביז צום סוף יאר וועט ער ציילן 55.000 דונאם).

ווי גרויס איז די צאל ארבעטער, וואס פאדערן זיך, כדי צו באאר־בעטן אט די פרדסים? הגם איך האב א געוויסע צייט געארבעט אין פרדסים, האלט איך זיך ניט פאר א מומחה אין הלכות פלאנטאציעס. איך האב אבער באקומען קלארע און אויסגעפארשטע צאלן בא געניטע מומחים, וועלכע זיינען גרינדליך באהאוונט אין דעם פאך.

דער שטח פרדסים ביז יאר 1926 איז געוועזן אינגאנצן א פרוכט־רייפער און געפלאנצט האט מען אים לויט דער אלטער שיטה, געדיכט. יעדע 10 דונאם האבן געפאדערט איין סטאבילן ארבעטער במשך א גאנץ יאר, אויסער די סעזאן ארבעטן. די יונגע פרדסים, וואס זענען שפעטער פאר־פלאנצט געווארן זענען נאך אין זייער גרעסטן טייל ניט פרוכטרייף; זיי ווערן באארבעט לויט א ראציאנאליזירטער שיטה. איין ארבעטער וועט זיין גענוג אויף צו באארבעטן 15 דונאם ביז זיי וועלן אלט ווערן 10 יאר.

פון צענטן יאר אן וועלן זיי שוין אויך פאדערן, דורכשניטלעך, איין ארבעטער אויף יעדע 10 דונאם. נאך דעם, ווי די אלע שטחים, די שוין פארפלאנצטע און וואס מען האלט בא פארפלאנצן, וועלן צייטיק ווערן אין געבן פרוכט, וועלן נויטיק, זיין כדי זיי צו באארבעטן, סיי סטאביל, סיי סעזאן־צייט:

1) די 10.500 דונאם פון דער פריערדיקער פלאנצונג, פאר דעם יאר 1926, לויטן חשבון פון איין ארבעטער אויף 10 דונאם—1050 שטענדיקע ארבעטער.

2) די 70 טויזנט דונאם נייע פלאנצונגען, לויטן חשבון – איין ארבע־טער אויף יעדע 15 דונאם – 4770 סטאבילע ארבעטער במשך ערשטע צען יאר און שפעטער – 7000—6000 סטאבילע ארבעטער.

3) צום סעזאן פון אראפנעמען די פרוכט („קטיף”) און פאקן זיי („אריזה”), אין משך פון 4 חדשים (דעצעמבער—מערץ) – איין ארבעטער אויף יעדע 5 דונאם (בא אראפנעמען און פארפאקן) אויסער די סטאבילע ארבע־טער אלזא נאך 16.000 סעזאן ארבעטער.

קומט אויס, בכן, אז בלויז די מאראנצן ווירטשאפט – אויב מען זאל אפילו נישט נעמען אין חשבון די מעגלעכע נייע פלאנצונגען אין די קו־מענדיקע יארן – וועט פאדערן 8000—7000 יערלעכע, סטאבילע ארבעטער אין נאך א 16.000 ארבעטער אויף די 4 חדשים סעזאן־ארבעט.

מען דארף, נאטירלעך, צוגעבן צום רעכנונג די אלע ארבעטן אין די איבעריקע ווירטשאפטס־צווייגן – וויינגערטנער, מאנדלען, איילבירטן און תבואה ווירטשאפט, פארשטייט זיך אויך די האנטווערקעריי־ארבעט, די עפענטליכע און בוי־ארבעט, באאמטנשאפט און באדינונג—אלץ ארבעטן וואס וועלן זיך אויסברייטערן צוזאמען מיטן וואוקס פון דער פלאנטאציע ווירט־

שאפט און פארגרעסערונג פונם ישוב. דא קען מען נישט באשטימען פארויס וואס פאר א צאל ארבעטער עס וועט זיין נויטיק, אבער דער טעמפא, מיט וועלכן ס'איז ביז אהער געוואקסן דער יידישער לאנדווירטשאפטלעכער ישוב גיט אונז א בילד וועגן דעם אויסגעברייטערטן פארנעם אין דער ארבעט.

אין יאר 1901 זענען געווען 18 קאלאניעס אויף א שטח פון 225.000 דונאם מיט א באפעלקערונג פון 4750 נפשות.

אין 1914 זענען שוין געווען 43 קאלאניעס אויף א שטח פון 408.642 דונאם מיט א באפעלקערונג פון 11.900 נפשות.

אין 1922 האבן שוין 73 קאלאניעס געציילט 649.000 דונאם מיט א באפעלקערונג פון קרוב 15.000 נפשות.

אין נאוועמבער 1931 האבן שוין 110 לאנדווירטשאפטלעכע פונקטן געציילט א שטח פון 649.000 דונאם מיט א באפעלקערונג פון 46.465 נפשות.

די פראגע פון דער לוין ארבעט האט א שייכות בלויז צו דער פריוואט־קאפיטאליסטישער קאלאניזאציע און אין דעם פרט זיינען זייער אינ־טערעסאנט די צאלן, וואס „בוסתנאי" האט אנגעגעבן דעם יאר (נומער 34).

„פון דעם אלגעמיינעם שטח באדן אין די פרדסים קאלאניעס קומט אויס אויפן חלק פון פריוואטע קאפיטאליסטן 74%. זיי געהערט 88% פון אלע פארפלאנצונגען. פון דעם אלגעמיינעם שטח פרדסים געהערט די פריוואטע קאפיטאליסטן — 91,7%".

אין אט דעם פלאנטאציע סעקטאר רעכנט די ציי‌טונג אויס 37 קא־לאניעס פונם פריוואטן קאפיטאל. אין יהודה — 17 קאלאניעס מיט א שטח פון 94.758 דונאם, פלאנצונגען בכלל — 69.036 דונאם, פון דעם פרדסים — 35.381 דונאם. אין שרון — 16 אויף א שטח פון 69.790 דונאם, פלאנצונגען בכלל 20.100 דונאם, פון דעם פרדסים — 17.801 דונאם. אין שומרון 4 קא־לאניעס, אויף א שטח פון 68.343 דונאם. פלאנצונגען בכלל 15.076 דונאם, פון דעם פרדסים—6.678 דונאם. בסך הכל — 37 קאלאניעס, מיט א שטח פון 232.891 דונאם. פלאנצונגען — 104.213 דונאם, פון דעם פרדסים — 59.860.

דאס זענען אלץ צאלן, וואס האבן א שייכות צום יאר תר"ץ. פון דאן אן איז שוין צוגעקומען נייער באדן, גרעסער זענען געווארן די צאל פלאנצונגען און ברייטער די ארבעט. מיר וועלן קיין טעות נישט האבן, ווען מיר וועלן זאגען אז אט דיווירטשאפט וועט פאדערן, כדי צו באאר־בעטן זי, על כל פנים נישט וויי‌ניקער ווי 20.000 ארבעטער, מער אדער וויי‌ניקער סטאבילע. היינט צו טאג געפינען זיך אין די קאלאניעס בא 8000 יידישע ארבעטער. שטעלט זיך ממש א גורל פראגע: אט די צוועלף טויזנט נייע ארבעטער — צו וועלן זיי אריינקומען דורך דער יידישער עליה, אדער דער ים ביליקע ארבעטער וועלן פארפלייצן די יידישע קאלאניע און וועלן אפווישן איר יידישן פרצוף?

## יג. די פראגע פון סעזאן־ארבעט

וואס א יאר ווערט גרעסער די צאל־ארבעטער בשעת דער סעזאן צייט. די נייע פלאנצונגען זענען נאך יונג און דאס רוב גיבן נאך נישט קיין פרוכט. אבער שוין אין 1931 האט מען געשאצט די פראדוקציע פון די יידישע פרדסים אויף 1.400.000 קעסטלעך עקספארט־מאראנצן. צום 1932 שאצט מען די פראדוקציע אויף א 1.720 000 קעסטלעך, צום 1933 — אויף 2.250.000, צום 1934 — אויף 3.320 000, צום 1935 — אויף 4 470.000 קעסטלעך, צום 1936 — 5.570.000 און צום עקספארט־סעזאן 1936-37 וועט די פראדוקציע פון די יידישע פרדסים דערגרייכן, ווי עס זאגן ספעציאליסטן, ביז צו 6 000 000 קעסטלעך. וועט, דעריבער, יאר איין, יאר אויס וואקסן די צאל ארבעטער ביים אראפנעמען און פארפאקן די פרוכט (צוויי ארבעטער אויף יעדע טויזנט קאסטן במשך דעם סעזאן). און אויב מיר וועלן באצייטנס נישט לייזן אנטגילטיק די פראגע פון יידישער ארבעט וועט אונז שפעטער אויספאלן דער ענטפער גאר שווער — און אפשר אפילו אוממעגלעך, נאכדעם ווי טויזנטער נישט־יידישע ארבעטער וועלן זיך איינבירגערן אין די יידישע קאלאניעס. מיר וועלן די פראגע נישט לייזן ריכטיק און אנטשיידן, כל זמן דער ישוב און קודם כל די קאלאניעס גופא וועלן נישט מאכן דערצו די גרעסטע, גוט־ארגאניזירטע אנשטרענגונגען. ווי מיר האבן שוין געזען, האט די סעזאן ארבעט א גרויסן חלק אין דער פלאנטאציע ארבעט. ווען אלע, היינט צו טאג פארפלאנצטע, פרדסים וועלן ווערן רייף, פרוכט־צייטיק, וועט דער מאראנצן סעזאן פאדערן 10–16 טויזנט נייע ארבעטער, אויסער די סטאבילע, אויף א פעריאד פון 4 חדשים. הגם געוויסע ארבעטן בא פאקן די פרוכט, באצאלן זיך, לערך, גאנץ הויך, פונדעסטוועגן קען מען נישט רעכענען אויף דעם, אז א יידישער ארבעטער וועט א גאנץ יאר קענען עקזיסטירן פון זיין פארדינסט במשך די פיר חדשים. די טויזנטער ארבעטער וואס פאדערן זיך אין דעם מאראנצען סעזאן קענען נישט בלייבן ארבעטלאז אכט חדשים אין יאר צווישן איין סעזאן און דעם צווייטן. און ווען אפילו מען זאל זיך באנוצן צום סעזאן מיט קינדער ארבעט און מיט דער שול־יוגנט פון די קאלאניעס און נאענטע שטעט פון די קרייזן, וועלכע נויטיקן זיך נישט אין א גאנץ יאר ארבעט — וועלן זיך ערשט פאדערן טויזנטער ארבעטער, וואס לעבן נאר פון ארבעט. כדי מעגליך מאכן די יידישע ארבעטער עקזיסטירן ביי אזוינע באדינגונגען מוז מען רעגולירן די אלע ארבעטן אין קאלאניע — די בוי ארבעט, געזעלשאפטלעכע ארבעטן, די האנטווערקער־ארבעט און אינדוסטרי, אויך באשטימטע לאנדווירטשאפטלעכע צווייגן וואס לאזן זיך רעגולירן און צופאסן זיי צום פעריאד פונם שטילן סעזאן, אז צו דעם ברען־סעזאן זאלן די אלע אנדערע ארבעטער זיך באפרייען, און יעדער מלאכה, וואס לאזט זיך אפלייגן, וועט דורכגעפירט ווערן אין דעם „טויטן” סעזאן. די פראבלעם פון סעזאן־ארבעט, וואס ווערט אלץ ערנסטער, קען מען לייזן נאר בתנאי, אז די פאראינטערעסירטע פאקטארן זאלן ארויסווייזן דעם ווילן דערצו.

## יד. דער קאמף פאר ארבעט און דער קעגן־קאמף

ס׳איז דא איין ארבעטס־צווייג אין קאלאניע, וואס דער יידישער ארבעטער האט אים פולשטענדיק דעראבערט — ס׳איז די בוי־ארבעט. אויך אין די קאלאניעס מיט „געמישטער״ ארבעט ווערט די גאנצע בוי ארבעט אויסגעפירט מיט יידישע הענט. אט די פאזיציע האט מען ערשט נישט לאנג איינגענומען.

נאך מיט זעקס יאר צוריק איז אין רחובות (א קאלאניע, וואס נעמט זיך שטארק איבער מיט איר אנשטענדיקער באצ־אונג צו יידישער ארבעט, און מיט א געוויסער רעכט דערצו) אויסגעבראכן א שווערער סכסוך צוליב א בנין, וואס מען האט גענומען בויען אין סאמע הארץ פון דער קאלאניע און ניט צוגעלאזן דערביי קיין איין יידישן ארבעטער. ס׳איז כדאי צו דער־מאנען אט דעם פאל מחמת צוויי טעמים. א) אט דער סכסוך האט געמאכט א סוף צום קאמף פונם יידישן ארבעטער אין קאלאניע פאר באהערשן די בוי־ארבעט. ב) די קאמפס־מיטלען, וועלכע עס האבן באנוצט אין דעם פאל די באיקאט־טרייבער לגבי דעם יידישן ארבעטער לערנען אונז, וואס פאר א הארבע פאליטישע סכנה עס שטעקט אין דער ארבעטס־פראגע. מ—ב, דער בעל־הבית פונם הויז, ארום וועלכע עס האט זיך געפירט דער סכסוך, און נאך צוויי בעלי־בתים האבן איבערגעגעבן דעם רעגירונגס־שעף פונם יפו׳ער ראיאן א „מעמאראנדום״ אין נאמען פון ניינציק רחובות׳ער איינוואוינער, דארט ווערט דערציילט, וואס פאר א גוטע באציאונגען עס האבן זיך איינגעשטעלט, אין משך פון די צענדליקער יארן, צווישן די קאלאניסטן און זייערע אראבישע שכנים — ווי די אראבער פלעגן תמיד האבן ארבעט און נוצן פון דער קאלאניע, ביז עס זיינען לעצטנס אראפגעקומען די יידישע ארבעטער און גענומען פאדערן ארבעט פאר זיך. אזוי ארום שאפן זיי שנאה צווישן יידן און אראבער און שטעלן אין געפאר דעם שלום און רו אין לאנד. שולדיק אין דעם אלעמען זיינען - די הסתדרות און אירע אנפירער, פאדערן דעריבער די „מעמאראנדום״־שרייבער ביים רעגירונגס־שעף, ער זאל אננעמען מיטלען קעגן די ארבעטער און זייער הסתדרות און זיכערן דעם רו פון די אראבישע ארבעטער און די ארדנונג אין קאלאניע.

דער בלבול האט ניט געפונען קיין צו גרויסן אפקלאנג אפילו אין די ענגלישע רעגירונגס־קרייזן, הגם זיי זיינען גאנץ ווייט פון ארויסווייזן וועלכע נישט איז סימפאטיעס לגבי דעם יידישן ארבעטער און זיין הסתדרות.

ביים משפט, וואס האט זיך געפירט קעגן די ארעסטירטע אין פתח־תקוה (17 ארבעטער, וועלכע מען האט ארעסטירט דעם 16־טן דעצעמבער 1927 בשעת דער ארבעטער־וואך וואס האט געמאנט ארבעט אין די פרדסים ביי ס—ר. א—ל. און פ—ל.. נאך דעם ווי די פאליציי האט א היבש ביסל ארבעטער און ארבעטארנס געשלאגן מכות רצח ביז בלוט) האט מיסטער מילער, דער וויצע־שעף אין יפו, וואס האט רעזשיסירט ביי די קלעפ און ארעסטן, געמוזט עדות זאגן, אונטער א שבועה, בשעת די פארטיידיקער פון

די באשולדיקטע האבן אים אויסגעפארשט. אז אין פתח־תקוה איז נישט פארגעקומען קיין שום סכסוך צווישן יידישע און אראבישע ארבעטער און זייט ער פארנעמט זיין אמט ווייס ער, איבערהויפט נישט פון אזוינע פאלן. (זע „דבר״, נ. 789). און אט דער וויצע־שעף איז אלאנגע צייט געווען דער שעף פון רמלה און אין זיין אויבער־האנט האבן זיך געפונען אי רחובות, אי אנדערע דרום קאלאניעס במשך כמה יארן, אויך בשעת דעם פאל מיט מ—ב׳ס בנין.

ביז אהער איז דער קאמף פאר רעכט אויף יידישע ארבעט און קאלאניע געווען בלויז אן ענין פון אן אינערלעכער מחלוקת, א מחלוקת צווישן דעם יידישן ארבעטס מאנער און יידישן ארבעטס־געבער. צייטנווייז, פלעגט אט דער קאמף אננעמען א שווערע פארם. פול מיט אויפטרייסלנוגען. עס פלעגט טרעפן נישט זעלטן, אז די וואך, וואס האט זיך פארהאלטן רואיק און וואס אויך דער געזעץ ערלויבט זי, פלעגט זיך ענדיקן מיט פארוואונדן און ארעסטירן ארבעטער דורך דער פאליציי. וואס די קאלאניסטן און זייערע לאנדווירטן־קאמיטעטן האבן אראפגעבראכט אין קאלאניע. און תמיד אין אזוינע פאלן פלעגן די קאלאניסטן אויפהייבן א ויצעק־, אז די ארבעטער באגייען גוואלד איבער זיי. ענין חדרה, וואס האט פאסירט היינטיקן ווינטער, איז זייער טיפיש אין דעם פרט.

נאך מיט צוויי חדשים איידער עס האט זיך אנגעהויבן דער סעזאן פון אראפנעמען די מאראנצן (קטיף) האט זיך דאס ארבעטס־ביורא אין חדרה געווענדעט צום אכר נ. ר. מכוח דער ארבעט אין זיין פרדס. דער א־אבישער סוחר, וואס האט אפגעקויפט די פרוכט האט געבראכט פון יפו אראבישע ארבעטער. דעם 1־טן נאוועמבער איז ארויס צום פרדס אן ארבעטער־וואך. דער בעל־הבית פון פרדס, נ. ר. האט געטענה׳ט: „וואס ווילט איר פון מיר? איך בין ניט קיין ציוניסט״. מען האט געשיקט נאך פאליציי. אויף מארגן גייט ווידער ארויס א וואך, און ווידער ברייגגט מען אראפ פאליציי. אז די וואך איז ארויס צום דריטן מאל און די פאליציי איז ווידער אנגע־קומען, האט דער אפיצער געמאלדן: גייט מען זיך נישט פאנאנדער נאך דעם דריטן אזהרה־פייף, וועט מען כאפן קלעפ. אבער שוין גלייך נאכן ערשטן פייף האט מען גענומען שלאגן. די אראבישע פאליציי האט זיך געווארפן שלאגן אויף רעכטס און אויף לינקס: באוואפנט מיט נאהייקעס און שטעקנס. אנדערע זיינען אוועקגעפאלן פון די קלעפ. אבער מען האט ווייטער געשלאגן. פיר ארבעטער האט מען ארעסטירט. די גאנצע קאלאניע האט געקאכט ווי אין א קעסל. א סך זיינען אוועק צו נ. ר. אהיים און אויסגעבראכן די שויבן ביי אים.

דער רעגירונגס שופט פון חיפה, וועלכער האט געמשפט די חדרה׳ער ארעסטירטע האט אין פסק־דין, דאטירט דעם 5.11.31 פעסטגעשטעלט:

„3.11.31 האבן זיך 60 - 50 ארבעטער אין חדרה, ארבעטסלאזע צונויפגעזאמלט ביים פרדס פון קאלאניסט נ. ר., וועלכער האט פארקויפט זיין פרוכט דעם ארענדאטאר שאקער גאלייני, און וועלכער האט

אראפגעבראכט ארבעטער פון יפו אויף אראפנעמען די מאראנצן.

„אט דער צוזויפקום האט געזאלט הייסן אן ארבעטער וואך, צו צווינגען, אויף דעם אדער יענעם אופן, דעם פרדס אייגנטימער נ. ר. ער זאל איינארדנען ארטיקע ארבעטער בא דער ארבעט.

„...פון די עדות און די דערקלערונגען פון די באשולדיקטע, אפגעגעבן בא א שבועה, איז צו זען, אז די צונויפגעזאמלטע האבן לכתחילה נישט געהאט קיין שום בייזע כוונה, אויסער דעם ציל צו דריקן, דורך א דעמאנסטראציע, אויפן פרדס אייגנטימער, ער זאל זיי מסדר זיין בא דער ארבעט.

...ס'איז קיין ספק ניט, אז מען האט געשלאגן עטלעכע פון די ארעסטירטע, הגם ס'איז נישט דערוויזן געווארן די נויטיקייט דערצו. אין וואס אנבעלאנגט דעם עצם צוטרייבן האט מען עס געקאנט מאכן אין אן אנדער פארם, א פיל באקוועמערע הן פאר דער פאליציי, הן פאר די צונויפגעזאמלטע".

8 טעג נאך אט דעם פסק־דין, דעם 13.11.32 מעלדעט זיך צום פאר־טרעטער פונם רעגירונגס־שעף אין דרום, צו מיסטער קראסיב, א דעלעגאציע פון די קאלאניסטן־פאראייניקונג מיט דעם הער משה סמיליאנסקי בראש. אט וואס עס ווערט דערציילט אינם צירקוליאר פון דער קאלאניסטן פאראייניקונג תאחדות האכרים) מכח אט דעם „צונויפטרעף".

„הער סמיליאנסקי האט בא דער באגעגעניש אויפגעקלערט דעם שעף ווי עס זעט אויס די לאגע אין די קאלאניעס בשעת דעם מאראנצן־סעזאן. הער סמיליאנסקי האט אים איבערגעגעבן אלע פרטים פון דעם ענין חדרה. מען האט דעם שעף באקאנט געמאכט מיט אלע פאקטן וועגן די געוואלד־אקטן אין פתח־תקוה און נס־ציונה און ס'איז ארויסגעזאגט געווארן דער חשש, אז אויך אין די איבעריקע קאלאניעס קענען זיך איבערחזרן אט די מהומות. הער סמיליאנסקי האט זיך באמיט געבן צו פארשטיין, ווי אזוי די ארבעטער הסתדרות פארמעסט זיך, באזונדער לעצטנס, צו באהערשן דעם גאנצן ארבעטער מארק...

הער סמיליאנסקי האט אויך אויפגעהייבן די פראגע וועגן די פיקעטן (ארבעטער־וואך) און האט אנגעוויזן דעם חילוק צווישן אזא מין פיקעט און צווישן יענע געוויינליכע פיקעטן, וואס מען שטעלט אוועק בשעת א שטרייק אין פאבריק. ער האט דעריבער געפאדערט ערקלערן אט די פיקעטן פאר אומגעזעצלעכע. דאס בטל מאכן די פיקעטן וואלט א סך צוגעהאלפן איינשטעלן רו און ארדנונג אין קאלאניע... הער סמיליאנסקי האט פעסגעשטעלט, אז די פרדסים אייגנטימער האבן דאס פולע רעכט צו פארלאנגען, אז די רעגירונג זאל מיט דער הילף פון פאליציי און אנדערע מיטלען פארטיידיקן דאס רעכט פון קאלאניסט ער זאל האבן פרייע הענט אין זיין ווירטשאפט.

הער סמיליאנסקי האט זיך אויך געשטעלט קעגן דער נסיה פון דער רעגירונג קומען, שוין נאך די מהומות, און נעמען דאן פארמיטלען און זוכן פשרות. (אונטערגעשטראכן נישט פון אריגינאל). דער חוב פון דער רעגירונג איז פארהיטן באצייטנס, עס זאל נישט קומען צו קיין געוואלד־אקטן און דער עיקר נישט צולאזן אוועקשטעלן פיקעטן, וואס מוזן ברענגען סוף־סוף צו מהומות״...

דער פסק־דין פון דעם רעגירונגס־שופט און דער „צונויפטרעף״ פון דעם קאלאניסטן־לידער מיטן רעגירונגס־שעף האט אבער נישט געשטערט, אז דער קאמיטעט פון די לאנדווירטן (ועד חקלאי) אין חדרה, זאל פאר־עפנטלעכן אין „בוסתנאי״ נומער 33 דאטירט דעם 2.12.31 אט וואס פאר א שורות:

„אויב דינסטיק, דעם 3־טען נאוועמבער, האט די פאליציי באקומען א וועלכן נישט איז באפעל און האט געטאן דאס, וואס זי האט געהאלטן פאר נויטיק צו טאן — איז נישט דער פרדס־אייגנטימער און נישט איין אנדער קאלאניסט קענען טראגן די אחריות פאר דעם אויפפירן זיך פון דער פאליציי, וואס נעמט זיך, אויף איר שטייגער, איינצושטעלן סדר...

...זאל זיין קלאר, אז די קאלאניסטן וועלן, בא יעדער פאל פון אנפאלן, פון שטעלן פיקעטן און באנוצן זיך מיט כוח, גלייך ווענדן זיך, פון היינט אן, צו דער ארץ־ישראל׳דיקער פאליציי...״

למען האמת דארף מען צוגעבן, אז אין געוויסע פאלן האבן אויך די ארבעטער, וואו נישט וואו, איבערגעכאפט די מאס, אין זייער גערעכטן קאמף און בארעכטיקטע אויפרעגונג. אוך נישט תמיד האבן זיי אפגעהיט דעם נויטיקן טאקט און פארזיכטיקייט, ווי א שטייגער, עס האט געטראפן היינטיקן ווינטער אין בנימינה.

אט די „געשעענישן״, וואס חזרן זיך איבער יעדעס יאר, אין דער סעזאן צייט, צוליב דעם באיקאט אויף דעם יידישן ארבעטער, זענען נאך נישט געווען אזוי געפערלעך, כל זמן זיי פלעגן פארבלייבן צווישן די פיר ווענט פונם יידישן ישוב און האבן אנגערירט בלויז די קעגנזייטיקע באצי־הונגען פון דעם יידישן ארבעטס־געבער אין יידישן ארבעטער. אבער וואס מער עס וואקסט און ענטוויקלט זיך די פלאנטאציע ווירטשאפט, וואס מער עס שאפט זיך די מעגלעכקייט, אז טויזנטער ביליקע, נישט יידישע ארבעטער זאלן, אין די נאענטסטע יארן, אריינדרינגען אין קאלאניע און איינבירגערן זיך אין דער יידישער ווירטשאפט, אלץ הארבער און ערנסטער ווערט די די פאליטישע סכנה, אויף וועלכער עס שטויסט זיך אן דער יידישער ארבע־טער אין זיין קאמפף פאר רעכט אויף ארבעט. נאך מיט פיר יאר צוריק האב איך אין ועד הלאומי, בשעת מען האט באטראכט די „קטיף געשעענישן״ אין פתח־תקוה (טבת תרפ״ח), אנגעוויזן אויף אט דער סכנה.

...אט דער ווינקל — די פלאנטאציע ווירטשאפט — האלט בא ווערן, אין דער נעכסטער תקופה, דער צענטער פון דער יידישער קאלא־ניזאציע. מיר וועלן נישט זיצן פארלעגט די הענט און ווארטן ביז דער קאפיטאל, וואס יאגט זיך בלויז נאך ריוח וועט אט דא קאנצעטרירן טויזנטער און טויזנטער ביליקע ארבעטער פון אלע עקן לאנד און פון חורן, פון סוריען און פון מצרים, און דערנאך וועלן מיר קומען שרייען גוואלד. מיר ווילן נישט פירן קיין קאמף מיט דעם אראבישן ארבעטער און מיר וועלן נישט צולאזן, אז די צענטרען פון דער יידישער קאלאניזאציע זאלן אומגעוואדנלט ווערן אין שלאכט ארענעס צווישן דעם יידישן און אראבישן ארבעטער. קעגן אט דער סכנה קעמפן מיר און מיר וועלן זי ווייטער באקעמפן. די יידישע עפענדיס פון פתח־תקוה פירן ארייו די ביליקע ארבעט אויך אין נייע קאלאניזא־ציע־פונקטן, און אויב דער גאנצער יידישער ישוב אין לאנד און די גאנצע אלוועלטלעכע ציוניסטישע באוועגונג וועלן אין אט דער אנט־שיידנער שעה נישט שטיין אויפן וואך — וועט דערנאך זיין צו שפעט".

זייט אט די ווערטער זענען געזאגט געווארן, זענען א דורך פיר יאר. די צאל יידישע ארבעטער אין די קאלאניעס איז גרעסער געווארן, אבער ווייט נישט און דער זעלבער מאס, ווי עס איז געוואקסן דער פלאנטאציע שטח. קיינעם טאר נישט איינפאלן, אז דאס צוריקומען פונם יידישן פאלק אין זיין לאנד באטייט ארויסשטויסן פון לאנד יענע איינוואוינער, וועלכע האבן זיך באזעצט דא, נאכדעם ווי מען האט פארטריבן די אידן. מיר נעמען אויף דעם אראבישן ישוב, ווי א געגעבענעם פאקט און מיר בויען אונזער צוקונפט אויפן יסוד פון שאפן נייע מעגלעכקייטן און נייע פרנסה־קוועלן, נישט אנשטאט די, וועלכע זענען שוין דא, נאר אלס צוגאב צו זיי, כדי פעסטער פארווארצלען אין לאנד די יידישע מאסן און באזעצן אין שכנות מיט דעם אראבישן ישוב א יידישן ישוב.

ווען אבער די נייע ארבעטס־געביטן, וואס מיר שאפן אין לאנד וועלן מיר לכתחילה נישט איינהאלטן פאר דער יידישער איינוואנדערונג אין מיר וועלן ארום איר קאנצענטרירן נישט־יידישע מאסן — מאכן מיר אונזער גאנצן אויפטו צו גארנישט מיט נישט און מיר גראבן אונטער אונזער גאנצן יסוד און צוקונפט אין לאנד. נאך דעם ווי טויזנטער און טויזנטער נישט־יידישע מאסן וועלן זיך שוין פארפעסטיקן אין דער יידישער ווירטשאפט, וועלן מיר זיי ניט ארויסרייסן פון דארט, פונקט ווי מיר האבן נישט בדעה ארויסצושטויסן די היינטיקע באפעלקערונג פון לאנד.

און אויב דער יידישער ישוב אין לאנד, וואס לעבט נאר בזכות זיין ראלע אלס שליח פונם פאלק, און וועלכער האט נישט קיין קיום אין קיין

האפנונג אויף קיום אן דער עליה, — און אויב די ציוניסטישע באוועגונג, וואס נעמט זיך דאס רעכט צו ריידן אין נאמען פון פאלק און זיין ווילן צום אויפקום — אויב זיי אלע וועלן איצטער נישט תופס זיין די ארבעטס־פראגע אין איר גאנצן דערשיטערליכן זין און נישט געפינען פאר איר א ריכטיקע לעזונג — וועט די יידישע געשיכטע לערנען מיט זיי דין און משפט.

## טו. ארגומענטן קעגן יידישער ארבעט

וואס שטערט, אייגנטליך, אז יידישע ארבעט אין איר פולן פארנעם זאל דורכגעפירט ווערן? דער הער מ. סמיליאנסקי ווייזט אן אויף דריי מניעות: א ווירטשאפטליכע, א פסיכאלאגישע און א פאליטישע. און אט וואס ער זאגט: („בוסתנאי״ ל״ב, ט״ו כסליו, תרצ״ב).

„דער שילינג אויף יעדן קעסטל מאראנצן, — די צוגאב־אויסגאבע אויף יידישע ארבעט אין פארגלייך מיט דער אראבישער — באשווערט אונז שוין איצטער גענוג אין וועט אונז גאר איינברעכן, ווי נאר עס וועלן פאלן די פרייזן, וועלכע מוזן סוף סוף פאלן. און אט די הוספה וועט נאך גרעסער ווערן, ווען מיר וועלן איינפירן הונדערט פראצענט יידישע ארבעט — דאס קענען מיר נישט און מיר טארן עס נישט. מיר טארן נישט אויפשטעלן א כינעזישע וואנט צווישן אונז און אונזערע שכנים און, אזוי צו זאגן, ערקלערן זיי: עד כאן האט איר פלאץ און ווייטער נישט א טריט. מיר וועלן אזא וואנט נישט אויפשטעלן... די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעט הייסט אן ארבעט פון שאפן. און שאפן קען מען נישט אנדערש, ווי דורך איינשטעלן אינטימע באציהונגען צווישן דעם לאנדווירט און — ארבעטער, ווי דורך קעגנזייטיקן צוטרוי... נאר דער, וועלכער פאסט זיך צו לאנד־ווירטשאפטלעכע ארבעט, ווער עס קען זיך איר אפגעבן און וואס איז מסוגל זי ליב האבן, נאר אזוינער קען און דארף די ארבעט באקומען, ער און נישט קיין אנדערער (אונטערגעשטראכן אין אריגינאל)״.

וואס פאר א מין „אינטימע באציהונגען״ און „קעגנזייטיקער צוטרוי״ עס איז דא צווישן דעם יידישן קאלאניסט און זיין אראבישן ארבעטער — אויף דעם קען זיך סמיליאנסקי נישט ווייניקער, ווי ווער עס איז אנדערש. ווען מיט עטליכע יאר צוריק האבן זיך די פארשטייער פון הסתדרות צונויפגעטראפן מיט דעם לאנדווירטן־קאמיטעט אין איינע פון די גרויסע קאלאניעס בנוגע ענינים פון ארבעט, האט דער פארזיצער פון קאמיטעט דערקלערט אויף אזא אויפן, הלמאי ער מוז בעסער נעמען דעם אראבישן ארבעטער, איידער דעם יידישן:

„ווען איך זאל ארבעטן מיט א יידישן ארבעטער און די ארבעט ענדיקט זיך מיטוואך, וועל איך קיין הארץ נישט האבן איבער־לאזן אים ערב שבת אן פרנסה און אפזאגן אים פון דער ארבעט,

אבער בשעת איך דינג אן אראבישן ארבעטער און די ארבעט איז אויס – בין איך אים משלח אן קיין שום שהיות״...

סמיליאנסקי גופא האט אנומלט געשריבן:

„איך דערלויב זיך זאגן, אז איך האב ליב דעם אראבער. א סך זאכן געפעלן מיר בא אים. אבער דאס שטערט מיר נישט צו פאר־שטיין די גאנצע סכנה, וואס עס דראט אונזער קאלאניזאטארישן אויפטו, ווען דער אראבישער ארבעטער זאל ארבעטן אין אונזערע קאלאניעס. איך האב ליב דעם אראבער בא אים אין זיין דארף – אבער בא אונז אויף די פעלדער און אין די וויינגערטנער ווערט ער געפערלעך אין קען אמאל מאכן א סוף צו אונזער רעשט ביסל טרייסט און פארבליבענע האפנונגען... איך קען מער־וויייניקער דעם אראבער, זיינע געשפרעכן אין באציהונג צו אונזער ארבעט, אין טאקע דעריבער זאג איך: כל זמן מיר וועלן אליין, מיט אונזערע אייגענע הענט, נישט ארבעטן אין די קאלאניעס, בויען מיר אויף א ווּאלקאן... אט פארוואס איך האלט, אז איינגעמען די ארבעט דורך יידישע ארבעטער שטייט אויפן ערשטן פלאץ, און אט דער פאקט לאזט מיך נישט רוען, מער ווי וועלכע ניט איז אנדערע ארבעטן״. (הפועל הצעיר, אלול, תרס״ח).

ווי עס ווייזט אויס איז נאך די אנפאלן אין מסחה און סג׳רה, נאך די געשעענישן אין תל חי, אין ירושלים, 1920, די מאי טעג 1921, אווגוסט 1929, דער מארד אין יעזשור, קלאר געווארן סמיליאנסקען, אז אט די געפאר מכח וועלכער ער האט גערעדט – איז שוין מער נישט בנמצא...

דער עיקר ארגומענט, פארשטייט זיך איז דערווירטשאפטלעכער טעם – דער גרעסערער ארבעטס לוין פונם יידישן ארבעטער, וואס „קען אומברענגען״ די פלאנטאציע־ווירטשאפט. אוודאי איז קיין ספק נישט, אז די יידישע ארבעט איז טייערער פאר דער אראבישער, הגם די פארשיידענע פרואוון צו ארבעטן שטיק־ארבעט אויפן יסוד פון דעם אראבישן ארבעטס־פרייז האבן געוויזן, אז דער יידישער ארבעטער איז מסוגל צו ארגאניזירן אין פארפאל־קאמען די ארבעט אזוי, אז אי דער כמות פון דער פראדוקציע זאל וואקסן, אי דער ארבעטס לוין זאל ווערן בעסער. און די ארבעט אין עתלית׳ער שטיינהאקעריי האט עס גראדע דערוויזן. אבער אין די פרדסים ארבעט מען אויפן טאג און ס׳איז דא די דיפערענץ אין דעם ארבעטס־פרייז – א דיפע־רענץ, וואס וועט נאך בלי ספק, אנהאלטן יארן, ביז דער אראבישער ארבעטער וועט זיך דערהייבן צו דעם לעבנס ניווא און ארגאניזיר־שטופע פונם יידישן ארבעטער.

ווי גרויס איז אט די דיפערענץ און וואס פאר א באדייטונג האט זי אין דער ווירטשאפט?

ספעציאליסטן זאגן, אז פלאנצן און באארבעטן א פרדס באטרעפט במשך די ערשטע 5 יאר 58 פונט א דונאם (אויסער באדן און ברונעם). אין די הוצאות זיינען איינגערעכנט די ארבעטס קאסטן פון 75 טעג

ארבעט (20 דעם 1־טן יאר, 15 דעם 2־טן יאר, 12 דעם 3־טן יאר, 13 דעם 4־טן יאר, 15 דעם 5־טן יאר). לויטן באטרעף פון יידישע ארבעט — 20 גרוש א טאג — מאכט עס אויס 15 פונט, אדער 25% פון אלע אויסגאבן. פון אט 75 טעג ארבעט זיינען דא 15 טעג פאך־ארבעט וואס ווערט נישט זעלטן אויסגעפירט דורך יידישע ארבעטער אויך אין די אראבישע פרדסים. דער הויפט אונטערשייד צווישן יידישער און אראבישער ארבעט איז אין די פאר־בליבענע 60 ארבעטס טעג. די דיפערענץ צווישן יידישער ארבעט (12 פ.=60×20) און אראבישער (7,20פ.=60×12) מאכט אויס 4,80 פונט, אדער עטוואס ווייניקער פון 8% פון אלע באארבעטונגס־קאסטן — אויב מיר נעמען נישט אין חשבון דעם באטרעף פונם באדן, און ווען מיר זאלן אריינרעכענען אויך דעם באדן און ברונעם (לערך 20 פונט א דונאם) — דאן וועט די גאנצע דיפערענץ אויסמאכן נאר 6% פון די אויסגאבן.

אויפן 6־טן יאר הייבט אן דער פרדס צו געבן פרוכט און טראגט אריין 3 פונט רווח א דונאם, די פרוכט ווערט וואס א יאר מער ביז צום 10־טן יאר און פון דאן אן גיט שוין א דונאם פרדס דורכשניטליך 120 קעסטלעך (מינימום 36 פונט א דונאם).

פון 6־טן ביז 9־טן יאר פאדערט א דונאם פרדס 15 ארבעטס טעג א יאר (אויסער דעם מאראנצן סעזאן), פון 10־טן יאר אן 20—30 ארבעטס טעג (אויסער קטיף צייט און פאקן).

די דיפערענץ צווישן די פרייזן פון יידישער און אראבישער ארבעט, אין א פרוכט־צייטיקן, 10־יאריקן פרדס באטרעפט 2,4 פונט. (יידישע ארבעט — 600=20×30; אראבישע ארבעט — 360=12×30) אדער — אנדערש גערעדט — 2 גרוש אויף א קאסטן מאראנצן ביז דעם קטיף (אין די יונגע פרדסים, וואו ארבעט איז נאך זיא ווייניק, מאכט אויס דער אונטערשייד בלויז 13,5 מיל א קאסטן).

ביי אראפנעמען די פרוכט מאכט אויס א קאסטן מאראנצן, ביי יידישער ארבעט — 20—22 מילים און מיט אראבישע ארבעט — 12—14 מילים — אן אונטערשייד, הייסט עס, פון 8 מילים אויף א קאסטן. פאקן באטרעפט: 40—38 מילים — יידישע ארבעט, 35—33 מילים — אראבישע ארבעט, אן אונטערשייד פון 5 מילים. דער אראבישער פאקער באקומט כמעט דאס זעלבע, וואס דער יידישער, אן אונטערשייד איז בלויז אין פרייז פון די פשוטע ארבעטער.

קומט בכן אויס אז ארום און ארום איז די גאנצע דיפערענץ צווישן יידישער און אראבישער ארבעט 33 מילים אויף א קאסטן (20 מיל — אלגעמיינע באארבעטונג, 8 מילים — קטיף, 5 מילים — פאקונג).

פון נאך דער מלחמה ביז היי־יאר איז דער דורכשניטליכער פרייז פון א קאסטן מאראנצן „אויפן בוים" (ס׳הייסט אויסער אראפנעמען, פאקן און עקספּידירן) — 6 שילינג — 300 מילים. די דורכשניטלעכע הכנסה פון א דונאם (120 קאסטן) איז 36 פונט. רעכנט אראפ די הוצאות פון באארבעטן (ביי יידישער ארבעט 16 פונט) — בלייבט ריינע הכנסה — 20 פונט און מיט אראבישער ארבעט — 22,4 פונט.

אט דער אונטערשייד אין צווײ גרוש אויף א קאסטן אדער 2.40 פונט אויף א דונאם איז דער גאנצער אונטערשייד פון ר י י נ ע ר יידישער און ר י י נ ע ר אראבישער ארבעט. ווען מען נעמט אן סמיליאנסקעס שיטה — („אנטשידענע מערהייט יידישע ארבעט״) לאמיר זאגן צווײ דריטל — דאן פאלט דער אונטערשייד ביז צו 7 מילים אויף א קאסטן אדער 84 גרוש אויף א דונאם.

אזוי זעט אויס דער אמתער אינהאלט פונם ווירטשאפטלעכן ארגומענט.

אין די יונגע פרדסים, וואו עס איז דא ווייניק ארבעטס־קראפט, ווערט די דיפערענץ, ווי געזאגט, קלענער. אנשטאט 14—15 פונט באארבעטונגס־קאסטן אויף א דונאם (בתוכם 30 ארבעטס־טעג) וועט באטרעפן די באארבעטונג פון א יונגן פרדס בלויז 12 פ. א דונאם, אריינגערעכנט נאר 20 ארבעטס־טעג. די דורכשניטלעכע הכנסה ווערט נישט קלענער פון דעם.

און צוליב אט דעם אונטערשייד, וואס מאכט אויס נישט מער ווי א צוואנציקסט חלק פון דער ריינער הכנסה (ווייניקער ווי איין פונט אויף צוואנציק) פאדערט עס דער פארזיצער פון דער קאלאניסטן־פאראייניקונג, אז אין קאלאניע זאל בלייבן אומבאריירט דער שטרויכל־שטיין פון געמישטער ארבעט וואס איז עלול פארפלאנטערן אונז אין שווערע ארבעטס־קאמפן הן אין סאציאלן, הן אין נאציאנאלן שטח, און וואס טראגן מיט זיך, ביי היינ־טיקע פארוויקלטע פאליטישע באדינגונגען, אומגעהויערע סכנות...

דער אמת איז, אז דער קאמף קעגן דער יידישער ארבעט איז פיל מער א סאציאלער חשבון — די קלאסן שנאה צום יידישן ארבעטער — איידער א ווירטשאפטלעכע. דער „נאציאנאלער״ ארבעטסגעבער נוצט אויס דעם אראבישן ארבעטער ווי א בייטש קעגן דעם ארגאניזירטן יידישן ארבעטער, דעם „חוצפה׳ניק״. הער סמיליאנסקי באהאלט נישט אויס, אפילו, אט דעם ארגומענט.

„אין דעם מאמענט, ווען מיר וועלן זיך מתחייב זיין אויף הונדערט פראצענט יידישע ארבעט, וועט דער ארבעטס־לוין דערגרייכן צו אזא מדרגה, וואס וועט אונז אוועקלייגן... צווײ שכנות׳דיקע פרדסים, איינער מיט געמישטער ארבעט, ביי א מערהייט יידישע — דארט איז אלץ אין ארדנונג, און דער צווייטער, אויף ריין יידישער ארבעט — שטענדיקער קידער־ווידער״.

(מ. סמיליאנסקי, „בוסתנאי״, נומער ל״ב, ד. י.)

וואס פאר א צדקה און חסד איז דער רבונו של עולם באגאנגען לגבי די יידישע פרדסים־לייט בשעת ער האט פארטריבן דאס יידישע פאלק פון זיין לאנד, און באזעצט דארט „איבערגענוג״ פרעמדע. ווען ארץ ישראל וואלט חס ושלום נישט חרוב געווארן און אונזער פאלק וואלט פארבליבן איינגעווארצלט אין זיין היים — וואלט דאך די קאלאניסטן־פאראייניקונג פשוט נישט געקאנט אויסהאלטן די גזירה פון א יידישע ארץ ישראל...

דער „פחד״ פארן יידישן ארבעטער טרייבט סמיליאנסקען, ער זאל אויף אייביק פארבינדן דעם גורל פון דער יידישער קאלאניזאציע מיט דער

נישט־יידישער ארבעט. אבער אויך דאס באפרידיקט אים נאך נישט. ווען סמילאנסקי באוויליקט שוין יא די פראצענט־נארמע פון יידישע ארבעטער — און ער האלט נאך איצטער אויך פון א איבערוויגנדן רוב יידישע ארבעטער — איז ער אויסן „מער זיכערע״ ארבעטער — ארבעטער פון ברית טרומפלדור, תימנים, אבער נישט קיין ארבעטער פון הסתדרות, וועלכע וואגן צו קעמפן פאר זייער רעכט אויף ארבעט און האבן נאך די העזה צו פאדערן בירגער־רעכט אין קאלאניע, וואס זיי, מיט זייער פראצע, בויען זי.

„די קאלאניסטן דארפן בעסער נעמען צו דער ארבעט די אלע עלעמענטן, וועלכע זיינען אין הסתדרות נישט ארגאניזירט״ — ברית־טרומפלדור לייט, תימנ׳ער און דאס גלייכן״.

אזוי רעקאמאנדירט דער פארזיצער פון דער קאלאניסטן־פאראייניקונג אין א געהיימען צירקולאר (15.11.31) צו זיינע פארטרויאונגס־לייט אין די קאלאניעס.

ס׳זענען דא צווישן די ווארט־זאגער פון דער קאלאניסטן־פאראייניקונג אזוינע, וואס גייען נאך ווייטער. א יונגער קאלאניסט פון בנימינה, וועלכער איז אויסגעשפיגן געווארן פון החלוץ, פאדערט שוין נישט בלויז מען זאל שליסן די ארבעטס טויערן פאר אט די ארבעטער, נאר בכלל שליסן פאר זיי די טויערן פון לאנד.

„היינט איז שוין פאר אלעמען קלאר — אזוי שרייבט ער אין „בוסתנאי״ — אז דעם יידישן ארבעטער גייט נישט אן די פראגע פון ברויט און ארבעט, ווי ער דעקלאמירט עס, נאר די מאכט, די ווירטשאפטלעכע און געזעלשאפטלעכע דיקטאטור איבער דער ווירטשאפט און איבער דעם בעל הבית. באקעמפן אט די ריכטונג — באטייט פאר די קאלאניסטן פירן א קאמף פאר זייער קיום. איך מיין, אז אלע ביז היינטיקע וועגן, וואס די געזעלשאפט האט באנוצט אין אט דעם נויטווענדיקן קאמף, טויגן נישט. די נייטראלע ארבעטס־ביורא גיט אויך נישט קיין ענטפער. די עצם שיטה פון דער עליה און איר היינטיקע ריכטונג — אט וואו איז דער מקור פון דאס בייז. ענדערן די ריכטונג פון דער עליה — אט דאס איז דער איינ־ציקער ראדיקאלער וועג. וואס וועט ענדערן דעם באשטאנד פון דער ארבעטער מאסע אין לאנד. היינט צו טאג זענען דא אין גלות מאסן ארבעטסלאזע, וואס האבן אויף קיין ברויט נישט און זיי וואלטן זיך געפילט גליקלעך, ווען זיי באקומען ברויט און ארבעט אין דער יידישער סביבה און אין די באדינגונגען, וואס זיי וועלן געפינען אין לאנד. די סערטיפיקאטן דארף מען פארטיילן צווישן די וועלכע זענען פאסיק פון אט דער מאסע און נישט אפגעבען זיי די אידעאלאגן, וועלכע ארגאניזירן די יוגנט״.

(„בוסתנאי״, ל״ד, י״ט כסלו תרצ״ב).

אויף דער קאנפערענץ פון דער קאלאניסטן פאראייניקונג, וואס איז זיך צוזאמענגעקומען פאר עטלעכע חדשים אין תל־אביב, האט מען אוועק־געשטעלט אט דעם קאלאניסט, ער זאל רעפערירן וועגן דער ארבעטס־פראגע. האט ער אוועקגעלייגט א ברייטע דרשה... וועגן דער פראלעטאריזאציע פון די יידישע מאסן, און דעריבער – גאר נישט געשראקן זיך! – עס וועלן אנקומען יידן און א סך יידן אין ארץ־ישראל אלס ארבעטער און מען וועט נישט דארפן אנקומען צו אט די „אויסדערוויילטע" ארבעטער. דער פשוטער ארבעטער וועט זיך שוין צופאסן צום אייזערנעם געזעץ פון דערווירטשאפט און וועט זיין לעבנס ניווא אראפנידערן. דאס וויכטיקסטע, וואס די קאלאניסטן פאראייניקונג דארף אויפטאן איז „צוגרייטן אט אזא מין קאטעגאריע ארבעטער נאך אין חו"ל און באקעמפן די הסתדרות עד חרמה".

די געשיכטע חזרט זיך איבער. מיט 45 יאהר צוריק, אין תרמ"ז, בשעת אין די קאלאניעס האט גע׳בעל־הבית׳עוועט די אדמיניסטראציע פון דעם באראן, איז אויסגעבראכן אין ראשון לציון „אן אויפשטאנד", וואס האט פאראייניקט דאס רוב קאלאניסטן און ארבעטער קעגן דעם אדמיניסטראטאר אסאוועצקי (די פרטים קען מען געפינען אין חיסינס „טאג־בוך פון א ביל"ו־ער" און אין דוב לובמאנס בראשור וועגן „ראשון לציון", אין די יוגנט־ביבליאטעק פון קרן קיימת). ווען דער אדמיניסטראטאר האט אראפגעבראכט אין קאלאניע טערקישע פאליציי קעגן די „בונטאוושציקעס" – די קאלאניסטן־פאראייניקונג האט אלזא קיין שום חידוש נישט באוויזן מיט איר טוליען זיך צו דער פאליציי – האבן די קאלאניסטן ארויסגעטריבן דעם אדמיניסטראטאר פון דער קאלאניע, א זאך וואס האט פארדראסן דעם באראן. די עסקנים פון חובבי ציון. וועלכע האבן מורא געהאט, טאמער וועט דער באראן אפשטעלן די שטיצע, האבן זיך צעטיילט אין די מיינונגען: די בעסערע האבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די קאלאניסטן און ארבעטער, ס׳האבן זיך אבער געפינען אויך אזעלכע, וואס האבן געהאלטן מיט דער אדמיניסטראציע. און איינער פון זיי, א שרייבער, א מענטש מיט א נאמען אין זיין פאך, וואס צוליב שאנעווען זיין כבוד, וויל איך אים ניש פורש בשם זיין, האט געשריבן קעגן די קאלאניסטן אט וואס:

„פון משכילים קען מען קיין פויערים נישט מאכן, זיי דינען דער אידעע אנשטאט באארבעטן די ערד... ס׳איז יענער מין מענטשן, וועלכע זענען נישט מסוגל אויספירן, וואס זיי האבן אויף זיך גענומען... ס׳זענען דא ביי יידן טויזנטער אביונים, ארימע לייט, פשוטע, גראבע חי־וקים׳ס, וואס ווייסן נישט קיין אנדער זאך, ווי נאר צו ארבעטן, מעשה קנעכט, אבי האבן אויף ברויט פאר די קינדער און זיי קריגן עס אויך נישט. אט די קנעכט וועלן עס אויסבויען אונזערע קאלאניעס און לאנדווירטשאפט. מיר קענען נישט שאפן קיין קאלאניעס, אנדערש ווי מיט מענטשן, וואס זענען מסוגל צו בויגן זיך פארן אדמיניסטראטאר און פאר באפעלן און בכלל נאר מיט מענטשן, וואס קיין אנדער לעבן ווייסן זיי נישט, אויסער דעם פשוטן לעבן פון א פשוטן פעלאך"...

יענעם שרייבער האט נישט געקאנט איינפאלן, אז דער גרויסער אידעאל זיינער — בויען קאלאניעס אויף שקלאפן — קען א מאל מקויים ווערן דורך די זעלבע „משכילים־קאלאניסטן״... און נאך אין איין פרט האט ער א טעות געהאט. ער האט געוואלט זוכן קנעכט דארט, וואו זיי זענען נישטא — ביים יידישן פאלק. אבער אונזערע דערפארענע קאלאניסטן האבן געוואוסט אופן גרונד פון פאלעסטינער ווירקלעכקייט, וואו מען קען זיי באמת ארויסבאקומען. — „איבערגעגנוג און שפאט־ביליק״.

ס׳איז אבער דא אן אנדערע ווירקלעכקייט, וואס די באיקאט־טרייבער לגבי דעם יידישן ארבעטער מאכן זיך פין איר נישט וויסנדיק: אז עס לעבט א יידיש פאלק, וואס ווערט היסטאריש געטריבן פון זיין לעבנס אינסטינקט און נויט צוריק א היים, אין זיין לאנד. נישט כדי צו זיין דארט א שקלאף — נאר ווערן א נארמאל פאלק, א שעפער, א פרייער אויף זיין אייגענעם באדן. נאר בזכות אט דער ווירקלעכקייט האבן די יידן באַקומען די מעגלעכקייט איינצושאפן זיך נחלות אין לאנד.

אט די מיליאנען, וואס די פילאנטראפן און חובבי ציון האבן אויסגעגעבן אויף צו גרינדן די אלטע קאלאניעס און אויסהאלטן זיי במשך צענדליקער יארן, די אלע אנשטרענגונגען פונם יידישן פאלק אין זיין פאליטישער קאמף אויף צו פארזיכערן אונזערע רעכט אויף קאלאניזאציע און איינוואנדערונג אין לאנד, די ווירטשאפטלעכע, געזעלשאפטלעכע און פאליטישע פארשטארקונג, וואס די יידישע עליה האט צוגעגעבן די עקזיסטירנדע ישובים — אט וואס עס האט אויפגעשטעלט און פארפעסטיקט די קאלאניעס. און אלץ מיט איין ציל: פארגרעסערן די צאל יידן וואס ווילן בויען דאם לאנד און אויסבויען זיך אליין דורך ארבעט. ס׳איז די איינציקע מאראלישע און פאליטישע בארעכטיקונג פאר אונזער קאלאניזירן זיך אויפן באדן. דער פריוואטער קאפיטאל וואס האט גרעסער געמאכט די ארבעט מעגלעכקייטן פאר יידן אין לאנד האט א סך אויפגעטאן און ס׳האט קיין שום זין אין טעם נישט, אז דער יידישער ארבעטער זאל פארלייקענען זיין ווערט און נוצן אין לאנד. אבער אויך דער, וועלכער האט זיך באזעצט און זיך איינגעשאפן באדן פאר זיינע פריוואטע מיטלען — האט עס געקאנט מאכן בלויז מיטן זכות פון דעם ציוניסטישן אויפטו. און די כחות פונם יידישן פאלק, אן זיין הילף און שוץ, סיי אפענער, סיי וואס ווארפט זיך נישט אין די אויגן, אבער וועלכע שטייט תמיד א הינטער דעם ישוב — וועט דער ייד נישט האבן אין לאנד נישט קיין מנוחה און נישט קיין נחלה.

די פיאנערן וואס זענען געקומען אין לאנד צו באארבעטן און אפהיטן זי, די פיאנערן פון פארווירקליכן וועלן נישט שלום מאכן מיטן באיקאט אויף יידישע ארבעט אין די ווירטשאפטן, וועלכע זיינען אויפגעקומען א דאנק דעם פאלק. און אויב מ׳וועט פרווון בארויבן פון זיי די ארבעט, אונטער וועלכן אויסרייד ס׳זאל ניט זיין, וועלן זיי קעמפן און נישט אפטרעטן. און נישט ווי ארבעטסלאזע, נאר ווי שליחים פון פאלק. ווען

אפילו אלע ארבעטער וואס געפינען זיך אין לאנד זאלן שוין זיין איינגע־ארדנט מיט ארבעט זעקס טעג א וואך און אויף אלע וואכן פון א גאנץ יאר – וועלן זיי זיך אויך נישט אפזאגן פונם קאמף פאר יידישע ארבעט און נישט מוותר זיין אויף קיין איין פלאץ אין א יידישער ווירטשאפט, ווייל א הינטער זיי שטייען גרויסע מאסן, וואס ווארטן אויף עליה אין ארבעט.

## טז. יידישע ארבעט און אינטערנאציאנאלע ארבעטער ארגאניזירונג

מען האט דא געווארפן מיר א צווישן־רוף „און די אינטערנאציאנאלע ארגאניזירונג?" יע, מיר וועלכע קעמפן פאר דער פולער שליטה פון דער יידישער ארבעט אין די גאנצע יידישע ווירטשאפט זאל אנערקענען גלייכ־צייטיק די אינטערנאציאנאלע ארגאניזירונג.

מיר זענען פאר אינטערנאציאנאלע ארגאניזירונג נישט דורך מוותר זיין אויף דער יידישער ארבעט אין איר פולן פארנעם אין נישט ווייל אונז פעלט דאס גלויבן, אז די יידישע ארבעט איז רעאל מעגלעך און מאראליש בארעכטיקט. מיר האלטן פון אינטערנאציאנאלער ארגאניזירונג און בלייבן פעסט אויף דעם באזע פון יידישער ארבעט אין איר פולן היקף און מיר גלויבן, אז זי איז אבסאלוט מעגלעך. מיר אנערקענען די אינטערנא־ציאנאלע ארגאניזירונג וואס זאל פארבינדן דעם יידישן ארבעטער, דעם בויער פון דער יידישער ווירטשאפט, מיט דעם אראבישן ארבעטער, וואס ארבעט אין דער אראבישער ווירטשאפט און אלע ארבעטער, אן אונטער־שייד פון נאציע וועלכע ארבעטן אין דער מלוכה־ווירטשאפט, – אין דער שטאטישער און אין גאנצן לאנד.

די רעוויזיאניסטן און די קאמוניסטן זענען א סתירה צווישן אונזער קאמף פאר יידישער ארבעט און אונזער טעטיקייט פאר אינטערנאציאנאלער ארגאניזירונג.ביידע טענה'ן: אדער—אדער: אדער קעמפט פאר יידישער ארבעט, אדער פארנעמט זיך מיט דער אינטערנאציאנאלער ארגאניזירונג.

א ודאי, אויב דער יידישער ארבעטער האט נישט קיין אנדער אויפ־גאבע אין האנט, ווי צו זיין נאר דער אגענט פון דער „סאציאלער רע־וואלוציע" פאר די אראבישע ארבעטער אין פעלאכן – גייט אים דאן נישט אן דער קאמף פאר ארבעט, ווייל דער „מלוכה בודזשעט" אויף איבערקערן די וועלט־ארדנונג וועט שוין מיט א ברייטער האנט דעקן אלץ וואס אים פעלט אויס. אבער יענער ייד וואס וויל ניט זיין וועמענס ס'איז אגענט, און וועלכער וויל לעבן אלס ארבעטער פון זיין ארבעט און נישט בלויז אלס אפגעריסענער ארבעטער יחיד, נאר העלפן שאפן אן ארבעטער קלאס, וואס איז בארופן און פעאיק צו ווערן אן ארבעטס־פאלק – אזא ארבעטער ווייס נישט קיין מער לעבעדיקע און פרוכטבארע רעוואלוציאנערע אויפגאבע, ווי צו פירן א קאמף פאר גרעסער מאכן די ארבעטס־מעגלעכקייטן, וואס זאלן אים זיכערן זיין קלאסן־קיום, זיין קלאסן־וואוקס, זיין קלאסן־קראפט און זיין קלאסן־צוקונפט.

פונקט דאס זעלבע איז מיט די פאליטיקער פון דעם „גע׳לייטערטען״ ציוניזם, וועלכע ווייסן ווי אויפצושטעלן מיט מויל־מלאכה א יידישע מדינה פון ביידע זייטן ירדן אן דער נויטיקייט פון פיאנערן־ארבעט, פון קאלא־ניזירונגס־אקטיוויטעט, פון אויפבוי אנשטרענגונגען, פון פאלקס־מאבילי־זאציע – זיי נויטיקן זיך נישט אין א זיינע „קלייניקייטן״, ווי א שטייגער זארגן פאר יידישער ארבעט אדער אויסבעסערן די ארבעטס־באדינגונגען אין לאנד. אזוינע „פאליטיקער״ פארלאזן זיך אויפן „רעזשים״ – וואס די פרעמדע רעגירונגס־מאכט וועט אויפשטעלן און וואס וועט ברייגגען אין בעסטער ארדנונג, ווי מיט א צ׳יבער־שטעקעלע, אלע ענינים פון דער יידישער מדינה, און וואס וועט שוין, ממילא, פארענטפערן אלע קשיות און אבעיות, אריינגערעכנט אויך די באציהונגען מיט די שכנים.

מיר פארמאגן נישט אט דעם רעוויזיאניסטישן גלויבן אין דעם וואונדער־רעזשים און חסדים־גרייטקייט פון אן אויסערלעכער רעגירונגס מאכט; אונזער ציוניזם האט אונז געלערנט, מיר זאלן זיך קודם כל פאר־לאזן אויף אונזערע אייגענע כוחות און מיר זאלן זוכן די לעזונג אין אלע פארוויקלטע פראגן בא זיך גופא. און מיט אט דעם אייגענעם כוח אונזערן ווילן מיר פרובירן לייזן די פראגע וועגן די באציהונגען מיט די שכנים – דורך שאפן חברשע פארבינדונגען אין בשותפות׳ע ענינים צווישן די אר־בעטער פון ביידע פעלקער.

ס׳איז אונזער זכות, וואס מיר האבן אנגעהויבן ארגאניזירן דעם אראבישן ארבעטער, און ס׳איז אונזער חוב די טעטיקייט ווייטער פארזעצן. ווי ווייט ס׳איז נאר מעגלעך, הגם מיר זענען אהער נישט אראפגעקומען ווי „מיסיאנערן״ און מיט אן אגיטאטארישע „שליחות״ אין האנט. מיר זענען געקומען אין לאנד, כדי צו בויען דא אונזער לעבן, כדי אויפ־ריכטן דורך אונזער ארבעט א היים פארן יידישן פאלק. און טאקע דערפאר האלטן מיר פאר נויטיק אין פאר אונזער חוב דערלאנגען אחברשע האנט דעם אראבישן הארעפאשניק, העלפן אים צו ארגאניזירן און דער־הייבן זיך.

אונזער קאמף פאר יידישער ארבעט באטייט קאמף פאר ט י י ע ר ע ר, א ר ג א נ י ז י ר ט ע ר ארבעט. דער דאזיגער קאמף און זיין היסטארישער טענדענץ באטייט אויך א קאמף פאר אויפהייבן דעם ניוואו, דעם מאטעריעלן אין גייסטיקן צושטאנד פון אראבישן ארבעטער. דער אראבישער ארבעטער, אלס קלאס, איז פאראינטערעסירט אינם ערפאלג פון אונזער קאמף – קעגן דעם אויפבוי פון לאנד מיט ביליקער ארבעט. ווערט געגעבן א מעגלעכקייט צו שאפן אין לאנד א נייע ווירטשאפט מיט ביליקער ארבעט, מיט קולים, וועט ניט נאר דער אידישער ארבעטער נישט האבן קיין דריסת הרגל אין לאנד, נאר אויך דער עקזיסטירנדער אראבישער ארבעטער וועט ניט אומשטאנד זיין צו דערהייבן זיך, צוליב דעם אומאויפהערליכן צופלוס פון ביליקע ארבעטער פון די ארומיקע לענדער – עבר הירדן, מצרים, סודאן א. א. וו.

דער אויפבוי פון לאנד, מיט דער הילף פון טייערע, ארגאניזירטע אידישע ארבעטער מוז, מיט דער אייזענער לאגיק פון עקאנאמישע פאקטן, ברייגגען צו דער פארפעסטיקונג און סאציאלן אויפשטייג פון די אראבישע ארבעטער־מאסן אין פאלעסטינע. דער וואוקס פון יידישן ארבעטער־קלאס, די אויסברייטערונג פון זיין ארבעטס־באזע און קלאסן־קאמף, מוז אומפארמיידלעך פירן צו דער שטופנווייזער און אומאויפהערליכער פארבע־סערונג פון די ארבעטס־באדינגונגען אויך פון אראבישן ארבעטער און דער עקזיסטירנדער ווירטשאפט. ביז ס'מוז ענדלעך קומען א צייט, ווען די ארבע־טער פוןביידע פעלקער וועלן זיך פולשטענדיק אויסגלייכן אין זייער לעבנס־ניווא, אין זייער סאציאלער און עקאנאמישער לאגע און ארגאניזיר־פעהיקייט.

אין ניט נאר די יידישע ארבעטער זיינען פאראינטערעסירט אין סאציאלן אויפשטייג פון אראבישן ארבעטער. פונקט ווי ס'איז וויכטיק אז ער זאל מיט זיין ביליקייט ניט אויסקאנקורירן דעם יידישן ארבעטער, אזוי איז וויכטיק, אז דער אראבישער פעלאך זאל ניט אויסקאנקורירן דעם יידישן פויער מיט זיין ביליקער פראדוקציע, און אז דער אראבישער פאבריקאנט זאל ניט שלאגן אין קאנקורענץ זיין יידישן קאלעגע מיט זיינע ביליקע פאבריקאטן.

איז דען ווער נישט איז פונם יידישן ישוב — אויסער א קליינע צאל פרדסים־לייט וואס ווילן טרייבן דעם יידישן ארבעטער פון דער ארבעט־פאראינטערעסירט, אז אין דער אראבישער פלאנטאציע־ווירטשאפט זאלן הערשן ערגערע און נידעריקערע ארבעטס־באדינגונגען און ארבעטס־לוינען, איידער אין דער יידישער ווירטשאפט?

די אינטערנאציאנאלע ארגאניזירונג שטייט נישט אין קיין שום סתירה מיט דער „יידישער ארבעט", פארקערט, זי דערגענצט זי. די יידישע ארבעט איז נישט געווענדעט קעגן דער אינטערנאציאנאלער ארגאניזירונג, פארקערט, זי מאכט עס פאר מעגלעך. אָן יידישער ארבעט איז נישטא נישט קיין געמיינזאמע ארגאניזירונג און נישט קיין באזונדערע. ארבעט — אט דאס איז דער ערשטער תנאי פארן ארבעטער ער זאל קענען לעבן, זיין טעטיק און ארגאניזירט. דער קאמף פאר ארבעט איז פריער פון אלע קאמפן, הן אין צייט, הן לויט זיין חשיבות און דרינגלעכקייט.

דער יידישער ארבעטער האט נישט „איינגענומען" קיין שום ארבעט דורך אראפלאזן פרייזן אדער ערגער מאכן די ארבעטס־באדינגונגען. פארקערט: יעדע ארבעטס־פאראבערונג קומט דוקא דורך אויפהויבן די פרייזן און בעסער מאכן די ארבעטס־באדינגונגען. די גאנצע שוועריקייט פון יידישער ארבעט ליגט אין דעם וואס זי איז פארבונדן מיט העכערע פאדערונגען, מיט א העכערן לוין און מענשליכע באציאונגען. וואו נאר אן אראבישער ארבעטער פארנעמט אן ארבעטס־פלאץ. פאלן גלייך דער ארבעטס לוין. וואו נאר א יידישער ארבעטער פארנעמט אן ארבעטס־פלאץ ווערן די לוינען געהויבן. דער יידישער קאמף פאר ארבעט האט דעריבער נישט קיין שום אויסזיכט און כוונה

אַרויסצושטויסן דעם אַראַבישן אַרבעטער פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ אין דער אַראַ־בישער ווירטשאַפט. דער ייִדישער אַרבעטער קען נאָר איינגעמען יענעם אַרבעטס־פּלאַץ, וואָס קומט אים — ס׳איז דער אַרבעטס־פּלאַץ, וואָס איז געשאַפן מיטן כוח פון דער ייִדישער קאָלאָני־זאַציע און עליה און פון זייערטוועגן. מיט אַנדערע ווערטער, ס׳איז די אַרבעט אין דער ייִדישער ווירטשאַפט און דער פּאַסיקער טייל פון דער אַלגעמיינער ווירטשאַפט אין לאַנד, די מלוכה׳שע און מוניציפּאַלע, וואָס וואַקסט אויס און פאַרברייטערט זיך אַ דאַנק דעם ייִדישן צופלוס און די ייִדישע שטייערן.

די ייִדישע איינוואַנדערונג וואַרצלט זיך איין אין לאַנד און אין דער אַרבעט נישט אויפן חשבון פון דער אַראַבישער ווירטשאַפט און פונם אַראַבישן אַרבעטער. דאָס אַרבעטס־פעלד פונם ייִדישן אַרבעטער איז נישט אויפגעקומען אין דעם עקזיסטירנדן פּאַלעסטינישן ווירטשאַפטלעכן סעקטאָר, נייערט ער איז גע־שאַפן געוואָרן פון דאָס ניי מיטן כוח פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. אַ ייִדישע ווירטשאַפט, וואָס בויט זיך אויף הונדערט פּראָצענט ייִדישער אַרבעט רירט מיט גאָרנישט אָן דעם אַראַבישן אַרבעטער. די ייִדישע קאָלאָניזאַציע פאַרקלענערט נישט די אַראַבישע אַרבעטס־קוועלן, אַדרבא, זי ברייטערט זיי אויס אויף אַן אומדירעקטן אופן, ווען זי באַשאַפ־טיקט אַפילו בלויז ייִדישע אַרבעטער. אַפילו האַפּ־סימפּסאָן האָט נישט געקאָנט פאַרלייקענען אָט דעם פאַקט. אַרבעטער אין אָפּגעשטאַנענע ווירטשאַפטס־צווייגן קענען אַמאָל ליידן צוליב דער פאַרפּולקאָמונג פון געוויסע, מער אַנטוויקלטע אַרבעטס־צווייגן. אייזנבאַן און אויטאָמאָביל פּאַרקער קענען טרעפן די קעמל און אייזל־טרייבער, אַראַבישע, אַזוי גוט ווי ייִדישע. אָבער בשעת עס קומען צו נייע פּרנסה קוואַלן, נייע ווירטשאַפטס צווייגן קען עס, בדרך כלל, נישט קלענער מאַכן די אַרבעטס־מעגלעכקייט פון די פאַראַנענע אַרבעטער, ווען אַפילו די נייע ווירטשאַפטס צווייגן זאָלן צו־נעמען בלויז נייע איינגעוואַנדערטע אַרבעטער. די פּלאַנטאַציע ווירטשאַפט איז דער בעסטער באַווייז דערצו.

אין יאָר 1914 האָט דאָס לאַנד פאַרמאָגט 30 טויזנט דונאַם אַראַנזשען פּלאַנצונגען באַדן, פון דעם — 21000 אַראַבישע און 9000 ייִדישע. היי־יאָר פאַר־נעמען די פּרדסים 115 טויזנט דונאַם, לערך. פון דעם — 65.000 ייִדישע און 50.000 אַראַבישע. דער ייִדישער פּלאַנטאַציע שטח איז געוואָרן 7 מאָל גרעסער, אָבער אויך דער אַראַבישער איז געוואַקסן אויף דריטהאַלבן מאָל. ווען אַלע ייִדישע פּרדסים וואָלטן באַשעפטיקט הונדערט פּראָצענט ייִדישע אַרבעטער, וואָלט אָט די צוגעקומענע פּלאַנטאַציע־ווירטשאַפט נישט אָנגע־רירט קיין איין אַראַבישן אַרבעטער. פאַרקערט, זי וואָלט געשאַפן נייע אַרבעט פאַר די פּאַרט־אַרבעטער, שאָפערן, קעמל־טרייבער, אָנגעשטעלטע, אויסער דער צוגעקומענער אַרבעט אין דעם אַראַבישן פּלאַנטאַציע־שטח.

וואס באטייט, אלזא, פאר אונז די פאליטיק פון אינטערנאציאנאלער ארגאניזירונג און יידישער ארבעט אין דער פרדסים־ווירטשאפט?

ס׳זיינען דא 65 טייזנט דונאם יידישע פרדסים, 50 טויזנט דונאם אראבישע. אינם ערשטן שטח ארבעט דער יידישער ארבעטער, אינם צווייטן ארבעט דער אראבישער. די זיבן טויזנט ארבעטער וועלכע געפונען זיך אינם ערשטן שטח און וועלכע באקומען 20 גרוש א טאג זיינען פאראינ־טערעסירט, אז אויך די פינף טויזנט וועלכע ארבעטן אינם צווייטן שטח זאלן באקומען 20 גרוש א טאג. העלפן זיי דערייבער ארגאניזירן זיי, און ס׳וועט געשאפן אין דער גאנצער פרדסים־ווירטשאפט, איבערן גאנצן לאנד, א בשותפות׳ע ארגאניזאציע פון אלע פרדסים־ארבעטער, די יידישע פון דעם יידישן סעקטאר, די אראבישע פונם אראבישן — כדי מיט געמיינזאמע כוחות צו פארזיכערן פאס׳קע ארבעטס־באדינגונגען, ווי ווייט מעגלעך, איינע און די זעלבע, אין דער גאנצער פלאנטאציע־ווירטשאפט.

אט די בשותפות׳ע ארבעט וועט זיין א ברכה נישט נאר פאר די ארבעטער פון ביידע פעלקער, נאר וועט ברייגגען נוצן דעם גאנצן ישוב, דעם יידישן און דעם אראבישן, און נאר פלאנטאטארן, וואס ווילן דווקא לעבן פון ביליקער ארבעט, אדער פאליטיקאנער, וואס ציען זייער גאנצער יניקה פון ראסן־העצע אין לאנד — נאר זיי האבן אן אינטערעס זיך אוועק־צושטעלן דאקעגן. עס איז ניט אונזער אינטערעס. אויך ניט דער אינטערעס פון ישוב אלס א גאנצן.

## יז. די שליחות פונם ארבעטער קלאס

די ארבעטער פיינדליכע פלאנטאטארען און זייערע געדונגענע זשור־נאליסטן, אפט־מאל דעזערטירער פון דער באוועגונג, וואס האבן פארקויפט זייער פעדער און געוויסן פאר געלט, די פאלשע נביאים פון דעם פאשיס־טישן „ציוניזם״ — זיי אלע ווארפן אין דער געלער און שווארצער פרעסע שמוץ אויף דער ארבעטער באוועגונג, אויף איר הסתדרות, אויף אירע אינ־סטיטוציעס, שטרעבונגען, און אידעאלן און רייצן אויף קעגן די ארבעטער די סאמע טונקעלע קלאסן־אינסטינקטן פון דעם „באלעבאטישן״ יידן, וועלכער איז אונפעאיק צו פארשטיין און אפשאצן דעם נייעם כח — דעם ארבעטער כח, וואס וואקסט ארויס פונם יידישן פאלק אויפן באדן פון אייגענער היים וואו עס ווערט געזינטער און נארמאלער זיין עקאנאמישע און פאליטישע לעבנס־סטרוקטור.

ווייניקער ווי ווער נישט איז האט דער יידישער ארבעטער אן אינ־טערעס אין די ארבעטס־קאנפליקטן און אין דעם מאטעריעלן און פאליטישן שאדן, וואס זענען בהכרח געבונדן מיט זיי.

די יידישע ארבעטערשאפט זעט די העכסטע אויפגאבע פון אונזער גענעראציע אין צוויי זאכן: אויפבוי און עליה, אויפבוי פון לאנד און איינוואנדע־רונג פון פאלק. און אלץ וואס דינט נישט די צוויי אויפגאבן, אלץ וואס באשווערט

און שטעלט זיך קעגן זיי, איז פסול און שעדלעך. אבער בוי און אינוואנדערונג באטייט קודם כל — ארבעט. כל זמן די ייִדישע ארבעט וועט דעריבער נישט ווערן דער גרונטשטיין אין אונזער קאלאניזאציע, כל זמן אין דער גאנצער ייִדישער ווירטשאפט, באזונדערס אין דער לאנדווירטשאפט, וועט נישט געזיכערט ווערן אין פולן פארנעם די ייִדישע ארבעט, נישט ווי עפעס א חסד און איינבעטענע צדקה, נאר ווי א נאטירלעכער פאקט, א זעלבסטפארשטענדלעכער אין אומבאדינגטער, ביז דאן — וועט דער ייִדישער ארבעטער נישט ארויסלאזן פון האנט דעם געווער.

מיר ווילן, אז ייִדישע ארבעט זאל מען אונז זיכרן אויפן וועג פון שלום און קעגנזייטיקער פארשטענדיקונג, אבער אויב מיר וועלן קיין אנדער אויסוועג ניט האבן — וועלן מיר קעמפן, און די „פיקעטן" זענען נאך ווייט נישט דער לעצטער קאמפס־מיטל אונזערער.

דער „בוסתנאי" האלט די ארבעטס־פיקעטן פאר פאגראם־מאכער, פאר פויסט־שלעגער און רופט אויס קעגן זיי א „הייליקן קאמף".

אט די „פויסט־שלעגער" האבן נאך געשטעלט „פיקעטן" לאנג, לאנג פאר די „געשעענישן ביים קטיף": בא פארטיידיקן מסחה, סג׳רה, חדרה, רחובות, תל־חי, חולדה, ירושלים — וואו זיי זענען געפאלן אין שלאכט און זייערע געבליבענע חברים, זענען נישט אפגעטראטן — און ווייטער געבליבן אויף דער וואך.

און אויב זיי האבן געקאנט ארויסווייזן מסירת נפש און איבערגע־געבנקייט בא פארטיידיקן ייִדישע האב און גוטס — וועלן זיי זיכער וויסן ווי צו שיצן די ייִדישע ארבעט.

אט אזעלכע וועט מען נישט אפשרעקן ניט מיט פאליציי נאהייקעס, נישט „מיט אפענע און פארשטעלטע באיקאטן", אויך נישט מיט „ארייִשושקען דעם פארמעגלעכן אויפן אויער". אז אט די ארבעטער זיינען געקומען חרוב מאכן די וועלט־אונזערע, שטערן אונזער אויפבוי־ארבעט און באקעמפן אלץ וואס איז אונז הייליק"...

געוויס זענען די ארץ־ישראלדיקע ארבעטער נישט קיין מלאכים און זענען נישט פריי פון פעלערן.

פאראן אזוינע ארבעטער וואס אין זייער ציוניסטישן גלויבן האבן זיך דורכגעזעצט שפאלטן, פראבירן זיי צו פארלאטן די שפאלטן דורך כלומרשט „רעוואלוציאנערע", ניט־דערבאקענע לאזונגען. ס׳זענען דא ארבעטער וואס זייער אינטעלעקטועלער און גייסטיקער באגאזש איז צו שוואך און קענען ניט באגרייפן די שווערע קאמפליצירטע ווירקלעכקייט, באהאלטן זיי אויס דעם קאפ אין זאמד פון פוסטע און אומפראדוקטיווע פראזן. און פאראן אויך פחדנים וואס אנטלויפן פון פראנט, ווי גייסטיק־געפאלענע, און ווארפן זיך איבער צום שונא.

אבער אויך די ארבעטער, וועלכע זענען געטריי דער באוועגונג מיט לייב און לעבן אין געדאנק און טאט — און זיי בילדן דעם רוב מנין און רוב בנין פון די ארץ־ישראלדיקע ארבעטער — זענען נישט מער ווי בשר

ודמ׳ס. נישט יעדער ארבעטער האט אין זינען די גאנצע 24 שעה אין טאג, אז ער איז א טרעגער פון א היסטארישע שליחות. נישט תמיד זענען אלע מעשים זיינע דורכגעזאפט מיט דער ציוניסטישער און סאציאליסטישער פאר־אנטווארטלעכקייט. ניט אין יעדן פאל ווייס ער אפצושאצן די ריכטיקע לאגע און אנווענדן די פאסיקע טאקטיק.

איך קען זיך ניט ווייניקער, ווי ווער נישט אנדערש אין לאנד, אויף אונזערע שוואכקייטן, פעלערן און חסרונות, בא אונז, ארץ־ישראלדיקע אר־בעטער. אבער בא מיין גאנצן וויסן זאג איך מיט דער פולסטער איבער־צייגונג: דער ארבעטער קאלעקטיוו אין לאנד, די ארגאניזירטע ארבעטער־שאפט, ווי איין גאנצע – נישטא נאך זיינס גלייכן אין דעם יידישן פאלק, וואס זאל זיין אזוי גרענצלאז מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן, אחריות־פולער, אונרוהיק און אויף אלץ גרייט, אין דער פארווירקלעכונג פון אידעאל וואס האט אים געבראכט אהער.

און אט דער ארבעטער כלל וואס איז תמיד באזארגט, ווי אזוי בעסער און געזונטער מאכן די ווירטשאפט אין לאנד, ער וויל רעגולירן און איינשטעלן נארמאלע און סטאבילע באציהונגען מיט די ארבעטס־געבער, ווייל ער ווייס, ווי גרויס איז דער היזק פארן ישוב און וואס פאר א סכנות, אינערלעכע און אויסערלעכע, עס זענען פארבונדן מיט די ארבעטס־קאנפליקטן.

די ארבעטער הסתדרות געהערט צו די ווינציקע ארבעטער ארגאני־זאציעס אין דער וועלט, וואס האט אזוי פיל כוח און ענערגיע ארײנגעלייגט אין אויפשטעלן ווירטשאפטן און וואס גיט זיך אפ מיט אזוי פיל ליבע אין דאגה פאר אט די ווירטשאפטן.

מיר האבן די זארג נישט נאר פאר דער ארבעטער ווירטשאפט, נאר אויך פאר דער פריוואטער ווירטשאפט, וואס דינט אלס אויפנאמס פלאץ דער ארבעטענדער עליה.

דער יידישער ארבעטער, פונקט ווי די ארבעטער פין דער גאנצער וועלט איז באפליגלט מיט דעם סאציאליסטישן באפרייאונגס־אידעאל און ער גלויבט, אז סוועט קומען דער טאג ווען אין דער גאנצער וועלט, אויך אין ארץ ישראל, וועט אויפקומען א נייער סדר, אן ארבעטס סדר. אויך דער ארבישער ארבעטער, וואס אנדערע קולטורלאזע ארבעטסגעבער, קוקן אויף אים ווי אויף אן ארבעטס־בהמה, אויך ער וועט אויפוואכן אין וועט געבן א האנט דער ארבעטער־מענשהייט און איר באפרייאונגס־אידעאל. די „קנעכט״ וועלן נישט אייביק בלייבן קנעכט. די זעלבע רעכט, וואס דער יידישער ארבעטער פארלאנגט פאר זיך – אלס מענטש, אלס ארבעטער און בירגער – וועט מארגן, איבערמארגן פארלאנגען אויך דער אראבישער ארבעטער. איך קען נישט וויסן – און קיינער קען עס פריער נישט וויסן – אויף וואס פאר אן אופן ער וועט זיינע רעכט מאנען, אבער נאר בלינדע קענען זיך איינ־ריידן, אז דער אראבישער ארבעטער וועט מסכים זיין בלייבן אייביק עקספלואטירט און באראבט אין זיינע רעכט, ווי עס איז היינט צו טאג, אין אז ער וועט קיינמאל נישט אויפשטיין און נעמען פאדערן פאר זיך אט

דעם באדן און אט די ווירטשאפט, וואס זיינע אייגענע הענט האבן אויס־געפראצעוועט. א יידישע ווירטשאפט, וואס איז געבויט אויף יידישע ארבעט, וועט תמיד בלייבן א יידישע, מעג זיין דער אדער יענער וועלט־סדר; א יידישע ווירטשאפט, וואס איז געבויט אויף אראבישע ארבעט, וועט פון איר קיין יידישער זכר נישט בלייבן, ווי נאר עס וועט שלאגן די שעה פאר דעם נייעם סדר פון ארבעט.

היינט לעבן מיר נאך אין א קאפיטאליסטישן סדר און אין די באַ־דינגונגען פון אט דעם סדר קומט אינז אויס צו בויען דאם לאנד. האלטן מיר דעריבער פאר נויטיק – נישט געקוקט אויף די פאראנענע קעגנזאצן צווישן דעם ארבעטער און ארבעטסגעבער – עס זאלן געזיכערט ווערן די אינטערעסן פון דער ווירטשאפט, פון איין זייט, און די ארבעטס־אינטערעסן פון דער אנדער זייט, מען זאל קענען קומען צו א קעגנזייטיקן הסכם, דורך געמיינזאם פארהאנדלען אויפן יסוד פון אט די תנאים:

א) פארזיכערן די יידישע ארבעט אין דער יידישער ווירטשאפט נישט איינגעבעטענערהייט, פון חסד־וועגן, נאר ווי א חוק, ווי א חוק ולא יעבור.

ב) איינפירן אנשטענדיקע ארבעטס־באדינגונגען פארן ארבעטער, ווי ווייט די ווירטשאפט דערלויבט עס און פארזיכערן א ריכטיקע ארבעטס־קוואליטעט אין א שטימטע פראדוציר־נארמע.

דער קאלאניסט וויל זיין א בעל־הבית איבער זיין ווירטשאפט – אבער די ווירטשאפט נייטיקט זיך אין לוין־ארבעט און די ארבעט ווערט אויס־געפירט דורך א לעבעדיקן מענטשן וואס רופט זיך ארבעטער. דער ארבע־טער פארמאגט אויך זיין ווירטשאפט – דאס איז זיין ארבעטס־קראפט. אט די קראפט איז זיין איינציקער פארמעגן און פון אים לעבט ער, און קען דעריבער דער ארבעטער נישט מפקיר זיין אט די ווירטשאפט זיינע אין איבערלאזן זי אויפן ווילקיר פונם ארבעטסגעבער. מיר ווענדן זיך נישט אזוי צום יושר־געפיל פונם ארבעטס־געבער ווי צו זיין ווירטשאפטליכן שכל און פראקטישן פארשטאנד. אונז דאכט זיך, אז דער ארבעטסגעבער דארף אויך זיין פאראינטערעסירט ווי ווייט מעגליך אויסצומיידן ארבעטס־סכסוכים און שווערע אויפטרייסלונגען אין זיין ווירטשאפט און אין דער קאלאניע. איך מיין נישט, נאטירלעך, אז מיר קענען – אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג זיינען די סכסוכים אונפארמיידליך – פטור ווערן פון אלע סכסוכים, אבער זיכער קען מען צופירן די קאנפליקטן ביז צום מינימום. אין די גרעסטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין לאנד האבן מיר שוין געשלאסן אפמאכן מיט די אונטערנעמער, שריפטלעכע, ווי מינדלעכע. ס׳איז איינגעשטעלט גע־ווארן א סדר אין דער ארבעט און ס׳האבן זיך אויסגעארבעט באציהונגען, וואס פארזיכערןביידע צדדים א געוואונטשענעם מינימום.

מיר האבן געפירט א משא ומתן, פארן לעצטן ציוניסטישן קאנגרעס, מיט דער פאראייניקונג פון די אינדוסטריעלער (התאחדות בעלי התעשיה) – מען מעג איר זאגן דעם שבח, אז בא איר איז נישטא קיין ספקות מכח

דער נייטיקייט פון יידישער ארבעט – און מיר זענען געקומען צו א הסכם אין די וויכטיקסטע פראגן; און אויב די פארהאנדלונגען האבן זיך דאך נישט באנייט און נישט פארענדיקט, איז עס נישט צוליב דער שולד פון דער הסתדרות. און צום סוף זאל דא פארצייכנט ווערן דער אפמאך וואס די הסתדרות האט געשלאסן מיט די צוויי קאלאניעס – מגדיאל און רעננה. אט די ארבעטס־אפמאכן גיבן, לויט אונזער מיינונג, אן אויסוועג, ווי אזוי מען קען לייזן די פראגע וועגן נארמאל־באציהונגען צווישן די ארבעטער און ארבעטס־געבער אויף וויפיל דאס איז בכלל מעגליך אין די ראמען פון דער היינטיקער ארדנונג.

ס׳זענען דא נאר צוויי מעגלעכקייטן: הסכם אדער קאמף. מיר ווילן א הסכם – אבער אויב מען וועט נישט פארזיכערן די ארבעטס־אינטערעסן און די ארבעטער רעכט דורך א הסכם – וועלן מיר זיין געצוואונגען צו קעמפן.

דער יידישער ארבעטער וועט נישט פארגעסן און נישט פארווישן די גרויסע היסטארישע פאדינסט פון די ע ר ש ט ע פיאנערן, וועלכע האבן מיט פופציק יאר צוריק געלייגט דעם יסוד פאר דער נייער קאלאניזאציע און פאר דער יידישער לאנדווירטשאפט אין ארץ־ישראל.

אויב ווער נישט איז האט כשר פארדינט און איז ראוי צו טראגן דעם דערהייבענעם ערן־נאמען, וואס ווערט שוין אויסגעריבן פון צופיל באַ־נוצן זיך מיט אים, וואס וועט אבער דערמאנט ווערן אין די קומענדיקע דורות מיט א הייליקן ציטער פון ליבע און פארערן – דער נאמען „חלוצים” – זענען עס קודם כל יענע וואס האבן געוואגט מיט א יובל־יאר צוריק אריינהאמערן דעם ערשטן גראב־אייזן אין די וויסטע און פארלאזטע זאמדן פון יהודה און באנייען דערמיט, נאך א הפסקה פון טויזנט אכט הונדערט יאר, דעם בונד צווישן פאלק און לאנד. קיין שום שפעטער־דיקער פעלער איז נישט בכוח צו פארמינערן דעם גלאנץ און די חשיבות פון אט דעם „מעשה בראשית”. דער רומפולער נאמען „בילו”, וואס האט אונז, די קינדער פון דער צווייטער און דריטער עליה, באלויכטן דעם וועג, וועט קיינמאל נישט אויסגעלאשן ווערן אין אונז. אבער דוקא דערפאר, ווייל אונז איז טייער דער כבוד פון די ע ר ש ט ע, וועלן מיר קיינמאל נישט איינגיין, מען זאל מחלל זיין זייער אויפטו דורך איינשטעלן א רעזשים פון געשעפטמאכער, וואס האט פארוואנדלט די ערשטע קאלאניעס אין שקלאפן־נעסטן, אין א האנדל־וואנדל מיט פרעמדער פראצע. דער אמת׳ער יורש פון ביל״ו – דער יידישער ארבעטער – האט ארויסגעראטעוועט די קאלאניזאציע פון א מאראלישן און פאליטישן באנקראט און האט אונזער זכות אויף באדן אין אייגענעם היים אנגעשפארט אויף דעם איינציקן ריכ־טיקן פונדאמענט, וואס גיט דעם פאלק דאס רעכט אויף באדן אין לאנד – ס׳איז דער פונדאמענט פון ארבעט. ס׳איז נאך ווייט נישט פארענדיקט דער לאנג פארצויגענער אין פיינפולער קאמף פאר אונזער רעכט אויף ארבעט. די לייט וואס גארן נאך „מנוחה און נחלה”, ביי וועמען דאס הארץ איז פארשטאפט און פארסמ׳ט געווארן אינם געיעג נאך ריוח, האבן אויפגענומען

די ארבעטס־פיאנערן מיט חוזק און שפאט – כל זמן זיי זענען נאך געוועזן קליין אין צאל, און מיט שנאה און פחד – ווי נאר זיי האבן זיך גרויס צעוואקסן.

א סך פאזיציעס האט דער ארבעטער איינגענומען אין משך פון די צענדליקער יארן, אבער ווייט איז נאך דער וועג און שווער: די וואס באיקאטירן יידישע ארבעט און באקעמפן דעם יידישן ארבעטער מיט מסירות אין חרמות, מיט פאליציי־נאהייקס און פאלשע בלבולים, זיי וויקלען זיך נאך דערביי אין ציוניסטישן טלית און פילדערן וועגן דעם ציוניסטישן „חטא״ און נאציאנאלער „סכנה״, וואס יידישע ארבעט אין פולן פארנעם קען ברייגנען מיט זיך. און וואס א מאל ווערט אלץ גרעסער דער האס קעגן די פיאַ־נערן – די פארווירקלעכער פונם ציוניזם, באשר בכן די יידישע ארבעטער האבן די העזה צו קומען נישט מיט תחנונים, נאר זיי קעמפן גאר פאר רעכט אויף ארבעט, זיי קעמפן פאר דעם, אז די יידישע ווירטשאפט מוז אויפנעמען יידישע איינוואנדערער, ווי ווייט ס׳איז נאר מעגלעך און איינבירגערן זיי אויף גלייכע און פולע רעכט אין דער קאלאניע. און די יידישע פלאנטאטארן, וואס זענען מער גארנישט, ווי געשעפט און ריוח, טראכטן צו כל׳ערליי שפיצלען, אבי פארשטעלן דעם וועג פארן יידישן ארבעטער צו דער יידישער קאלאניע מחמת מורא „פן ירבה״...

דער ארבעטער קאמף אין לאנד איז קיינמאל נישט געוועזן און וועט אויך ווייטער נישט זיין בלויז א קאמף פאר ענגע קלאסן־אינטערעסן. דער קלאסן־קאמף אין ארץ־ישראל איז אין עצם און תוך א קאמף צווישן די שליחים פונם ציוניזם, וואס גייט און פארווירקלעכט זיך, און צווישן זיינע שונאים און פארלוימדער. די קראפט, וואס ס׳האט ארויסגעוויזן דער יידישער ארבעטער אין זיין שווערן קאמף במשך צענדליקער יארן קעגן אזעלכע שטערונגען און שוועריקייטן, וואס קיין שום אנדער ארבעטער־קלאס אין דער וועלט האט עס נישט געהאט -- אט די קראפט האט ער געשעפט נישט בלויז פון זיין קלאסן ארגאניזירטקייט און סאציאליסטישן אידעאל, נאר אויך פון זיין נאציאנאלער שליחות, וואס ער האט פרייוויליק און באוואוסטזיניק גענומען אויף זיך, מיט דער פולער איבערצייגונג, אז זיין ארבעט און קאמף איז א היסטארישע נויטיקייט און לעבענס־באדערפעניש פון א פאלק, וואס ראנגלט זיך פאר זיין קיום און וואס ווארט אויף זיין אויסלייזונג.

דורכגעדרונגען מיטן טיפן ציוניסטישן גלויבן, וואס איז נישט געמינערט און נישט דערשיטערט געווארן, מיט דער פולער זיכערקייט, אז די פאדערונג זיינע איז א גערעכטע, א לעבנס־נויט דורך און דורך – די פאדערונג פון פולער יידישער ארבעט און בירגער־רעכט פארן ארבעטער אויפן באדן פון זיין היים – וועט דער יידישער ארבעטער באשטיין אין קאמף קעגן אלע אפענע און פארבארגענע שונאים, אינערלעכע ווי אויסער־לעכע, און ער וועט מיט דער הילף פון זיין קלאסן־ארגאניזאציע, פון זיין ווירטשאפטלעכער שאפונגס־קראפט און נאציאנאלער שליחות פארפעסטיקן און אויסברייטערן די יידישע ארבעט, ביז צו איר פולן און אנטשיידענעם נצחון.

תל־אביב, כ״ד אדר א׳ תרצ״ב.

# אינהאלט: